# ביים קוואל

יידישע שפריכווערטער, ווערטלאך, גלייכווערטלאך,
רעדנסארטן, פארגלייכענישן, ברכות, ווינטשענישן,
קללות, חרמות, סימנים, סגולות, זאבאבאנעס, א. א.

גענזאמלט און דערקלערט

— פון —

ש. באסטאמסקי

רעדאקטירט פון ז. רייזען
און פון דער פאלקלאָרישער סעקציע פון דער
ווילנער היסטאָריש=עטנאָגראפישער געזעלשאפט.



פארלאג „די נייע יידישע פאלקסשול"



ווילנע — 1920.

דרוקעריי ברידער ראזענטאל. ווילנע, רודניצקער 7.

...גייט צום פאָלק, וואָס זינגט, „ווי דער פויגל זינגט“.

גייט צום פאָלק, וואָס בוקט זיך (אין הארצן אויב ניט אָפן) צום מעכטיקן שטיין, צום בליענדיקן בוים, צום קוואַל, צו דער זון.

גייט צום פאָלק, וואָס איז נאָך עד היום א „בן נח“, א שטיק עבודה־זרהניק, א קינד און א קינסטלער: געפינט איר אים ניט אַרום זיך, זוכט אים אין זיך אליין: דאָס איז נאָך בעסער.

זאָל דער פאָלקלאָריסטישער פרימיטיוו זיין פאַר אונז נאָר א במקום פאָלק, וואָס וועקט און טרייבט אונז צו געפינען אין זיך דעם פאָלק אליין, זיין מעכטיקע אלטקייט איינאייגעם מיט זיין יוגנטליכער מאכט.

זאָל דער יידישער פאָלקלאָר, אָט דאָס געמיש פון קולטור און נאטור, זיין פאַר אונז א בריק, וואָס פירט אונז פון אונזערע נייסטע פיינסטע דערפאַרונגען צו די אין אונזער בלוט פארשלאָסענע און פון אונז אליין פארהוילענע אוראַלטע און נאָך אלץ ניט אויסגעלעבטע קינסטלערישע כחות...

**ש. ניגער.**

(פון דעם ארטיקל „פאָלק און פאָלקלאָר“).

# ביים קוואַל

יידישע שפּריכווערטער, ווערטלאך, גלייכווערטלאך, רעדנסאַרטן, פאַרגלייכענישן, ברכות, ווינטשעניש, קללות, חרמות, סימנים, סגולות, זאַבאַבאָנעס, א. א.

געזאַמלט און דערקלערט
— פון —
**ש. באַסטאָמסקי**

רעדאַקטירט פון רייזען,
און פון דער פאָלקלאָרישער סעקציע פון דער
ווילנער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט.

פאַרלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול"






ווילנע — 1920.

דרוקעריי ברידער ראָזענטאַל. ווילנע, רודניצקער 7.

# הקדמה;

וויל מען קענען דאס פאלק, וויל מען באקומען א שליסל דאס פאלק צו פארשטיין, וויל מען געפינען דעם לעבעדיקן קוואל, פון וועלכן. עס ציען די יניקה די מאדערנע דיכטער, דעם פונדאמענט, אויף וועלכן עס בויט זיך א פעסטע ליטעראטור — מוז מען זיך ווענדן צו דעם, וואס דאס פאלק האט אין משך פון דורות געשאפן.

די פאלקסשאפונג אנטפלעקט פאר אונז דעם אמאליקן פאלקסלעבן מיט אלע זיינע פארבארגענע ווינקעלאך, זי גיט אונז די בעסטע פארשטעלונג, ווי אזוי דאס פאלק האט זיך אין פארשיידענע צייטן באצויגן צו די דערשיינונגען פון ארומיקן לעבן און נאטור, זי שטעלט אונז צו דעם גרעסטן מאטעריאל פאר דער געשיכטע פון דער פאלקסאנטוויקלונג. „דאס איז א געאלאגישע שיכט, — האט אמאל אנסקי געזאגט וועגן דער פאלקסשאפונג, — אין וועלכער דער היסטאריקער קען אנטדעקן ברייטע און ווייטע שפורן נאכצופארשן דאס לאנג פארגאנגענע לעבן פון פאלק. אייןווארט אמאל אין א פאלקסווערק קלעקט פארן פארשער אויפצובויען גאנצע היסטארישע טעאריעס און היפאטעזעס וועגן דעם לעבן פון געגעבענעם פאלק".

רייך און פארשיידנארטיק זיינען די פארמען פון דער פאלקסשאפונג. פאלקסמעשהלאך, לידער, רעטענישן, שפריכווערטער, גלייכווערטלאך, וויצן, סימנים, פאררייי־דענישן, אפשפרעכענישן — דאס זיינען אלץ פראדוקטן פון דער פאלקסשאפונג.

דער מחבר פון דעם איז דאס פאלק אליין. דאס איז א שאפונג פון א קאלעקטיוו, אין וועלכער יעדער דור טראגט אריין דאס זייניקע, ווארייאירנדיק דאס אלטע און צוגעבנדיק וואס ווייטער אלץ ננייעס און נייעס.

מיט גרויס אינטערעס באציען זיך אלע פעלקער צו דער פאלקסשאפונג, זייער פיל אויפמערקזאמקייט ווערט אפגעגעבן דעם פאלקלאר. ווי טייערע פערל ווערן די אוצרות פון דער פאלקסשאפונג געקליבן. עס ווערן ארגאניזירט ספעציעלע עקספעדיציעס אפילו צו די ווילדסטע פעלקער, עס ווערן געגרינדעט עטנאגראפישע מוזייען, קאטעדרעס, אקאדעמיעס. עס ווערן ארויסגעגעבן גאנצע ווערק איבער דער פאלקסשאפונג. ספעציעל איר זיינען געווידמעט פארשיידענע פעריאדישע אויסגאבן.

עס איז גארניט אפצושאצן, וואס די אייראפעאישע פעלקער האבן אויפגעטאן פאר דער זאמלונג און באארבעטונג פון די פראדוקטן פון עטנאגראפיע און פאלקלאר.

גאנץ אנדערש האלט עס מיט דעם ביי אונז יידן. מיט פאראכטונג און ביטול האבן זיך ביז דער לעצטער צייט באצויגן צו דער פאלקסשאפונג דער גרויסער טייל פון אונזער אינטעליגענץ. די סיבה דערפון איז פארשטענדלאך. ווייט איז געוועזן די אינטעליגענץ פון פאלק, ווייט פון זיין שפראך. פרעמד איז איר געווען דער געדאנק, אז די פאלקסשאפונג איז אן אוצר, אז עס מוז געזאמלט, אפגעהיט און אויסגעפארשט ווערן.

צי האבן מ'ר אבער א פאלקסשאפונג ? צי קענען מיר זיך אין דעם פרט גלייכן צו אנדערע פעלקער ?

דעם בעסטן ענטפער אויף די פראגן גיבן די עטלאכע זאמלונגען, וואס זיינען שוין אויף דעם געביט פאר די לעצטע יארן פארעפנטלאכט געווארן. מיר וועלן אנווייזן נאר אויף די וויכטיקסטע פון זיי.

1) יידישע פאלקסלידער, געזאמלט פון גינזבורג און מארעק (1901). 2) יידישע שפריכווערטער און רעדנסארטן, געזאמלט דורך א. בערנשטיין (1908) 3) יידישע פאלקסלידער, געזאמלט פון י. ל. כהן (1913) 4) נח פרילוצקיס זאמלונגען פון יידישן פאלקלאר, 4) דער גרויסער מאטעריאל (אויף 40 בענד), וואס איז צונויפגעזאמלט געווארן דורך דער ערשטער עטנאגראפישער עקספעדיציע אין דרום־רוסלאנד אונטער דער אנפירונג פון ש. אנסקי*).

דאס צונויפגעזאמלטע איז נאך אבער א טראפן

---

*) א גרויסן אינטערעס צו דעם יידישן פאלקלאר האבן ארויסגעוויזן די דייטשישע יידן. אברהם טענדלוי האט נאך אינמיטן פון דעם פאריקן יארהונדערט ארויסגעגעבן א רייכע זאמלונג שפריכווערטער און אידיאמען פון די דייטשישע יידן. באזונדערס פיל איז אויפגעטאן געווארן אויף דעם געביט פון דער „געזעלשאפט פיר יידישע פאלקסקונדע" געגרינדעט אין יאר 1897 אין האמבורג דורך דעם ראבינער מאקס גרינוואלד אין דעם ארגאן פון דער דאזיקער געזעלשאפט, וואס גייט ארויס צייט 1898 (פריער אונטערן נאמען „Mitteilungen der gesellshaft für jüdische Volkskunde" און דאן פארקירצט — Mitteilungen zur jüdischen Volkskunde) זיינען פארעפנטלאכט געווארן זייער א סך מאטעריאלן פון דער יידישער פאלקסשאפונג. א געוויסן ארט דעם יידישן פאלקלאר גיט אויך אפ דער אלגעמיין־פאלקלאריסטישער ארגאן אין דייטש „Am Urquell".

אין רוסיש געפינען מיר מאטעריאל צום יידישן פאלקלאר אין דעם זשורנאל — „Еврейская старина". מ'ר קענען אויך אנווייזן אויף דעם זאמלבוך „רשומות" (העברעאיש), וואו עס איז פאראן אן ארטיקל פון נ. פרילוצקי — „קלעזמער־לשון אין פוילן" און פון עלזעס — „וועגן יידישע מנהגים".

אין ברייטן און טיפן ים פון יידישן פאלקסשאפן.

די צווייגן פון דעם יידישן פאלקלאר זיינען, ווי ס'איז שוין אויבן אנגעוויזן געווארן, זייער פיל און פארשיידנארטיק. דער זאמלער פון דעם פארגעלייגטן ווערק האט זיך דערהויפט פארנומען נאר מיט איין צווייג— מיט די יידישע שפריכווערטער און ווערטלאך.

די שפריכווערטער—דאס זיינען די קורצע בילדלאך אויסגעדריקטע אפאריזמען און סענטענציעס, וואס טרעפן זיך אין דער פאלקסשפראך און זיינען פארשפרייט צווישן די פאלקסמאסן ווי אלגעמיין אנגענומענע כללים, וואס ווערן אנגעווענדעט צו פארשיידענע לעבנספאלן. למשל: איין גאט אויף אלע שונאים. דער מענטש טראכט און גאט לאכט. אז מע איז געזונט, איז מען רייך. אז מע האט ניט קיין אתרוג, בענטשט מען ניט. א נאר זאגט, וואס ער ווייס; א קלוגער ווייס, וואס ער זאגט א. א. וו. אין די שפריכווערטער ווייזט זיך ארויס די פאלקס-חכמה און דער פאלקס-הומאר, די פאלקס-גלייבונגען און בכלל דעם פאלקס וועלטאנשויאונג.

לויטן אינהאלט קענען די שפריכווערטער איינגעטיילט ווערן אין דריי הויפטקאטעגאריעס: א) שפריכווערטער, וואס אנטפלעקן דעם לעבנסשטייגער פון פאלק, פון פארשיידענע קלאסן זיינע, זיי שאצן אפ פארשיידענע פאקטן פון לעבן, פארשיידענע מעשים סיי גוטע, סיי שלעכטע. ב) צו דער צווייטער קאטעגאריע געהערן די אזוי גערופענע „פילאסאפישע“ שפריכווערטער. אין זיי זאגט זיך דאס פאלק ארויס וועגן גאט, מזל, אמת, יושר. ג) די דריטע קאטעגאריע בילדן די סאטירישע שפריכווערטער, אין וועלכע דאס פאלק רעאגירט אויף די נעגאטיווע זייטן פון לעבן, פאלשער פרומקייט, צביעות, אומגערעכטיקייט א. ד. ג. די דאזיקע איינטיילונג קען נאטירלאך ניט פרעטענדירן אויף גענויקייט און פעסטקייט די גרעניצן צווישן די אנגעוויזענע קאטעגאריעס זיינען אפט צו אומבאשטימט, שניידן זיך איבער.

פאר זיי אלע אבער איז כאראקטעריסטיש, וואס זיי גיבן אונז א געטרייען שפיגל פון פאלקס מאטעריעלן און גייסטיקן לעבן, אנטפלעקן סיי זיינע מעלות, סיי זיינע חסרונות.

די אפשטאמונג פון די שפריכווערטער איז א צווייערלייאיקע: אדער זיי זיינען א תמצית פון מעשהלאך און משלים, אדער אן אלגעמיין אנגענומענער אורטייל, וואס האט זיך געבילדעט פון דערפארונג און אבסערוואציע.

אויף די יידישע שפריכווערטער האט געהאט א גרויסע ווירקונג די אלטע ביבלישע און תלמודישע ליטעראטור. טייל שפריכווערטער האט דאס פאלק פון דארט גענומען פארטיקערהייט, נאר איבערזעצנדיק זיי אין דער לעבעדיקער שפראך, פאר אנדערע, ווידער האט דאס פאלק בלויז אויסגענוצט די מאטיוון פון תנך און תלמוד.

א סך שפריכווערטער שטאמען אויך פון די שכנישע פעלקער. (א גויאיש ווערטל איז להבדיל א תורה) פאראן אויך ווערטלאך, וואס זיינען גענומען ביי די באליבטע שרייבער ווי א. מ. דיק, שלום-עליכם און אנדערע.

אחוץ די שפריכווערטער איז נאך יעדער שפראך רייך מיט גלייכווערטלאך. די גלייכווערטלאך זיינען שפריכווערטער נאר אויף א העלפט, אן אן אויספיר; פליגלדיקע אדער ווי מיר וואלטן געזאגט פויגלדיקע אויסדריקן אדער רעדנסארטן, פון וועלכע ס'האבן זיך נאך ניט אויסגעוויקלט קיין שפריכווערטער.

כדי צו אונטערשיידן צווישן א שפריכווארט און א גלייכווארט, מוז מען געדענקען, אז אין יעדן שפריכווארט איז דא א הנחה און אן אויספיר. למשל: אז מע לייגט זיך ניט געגעסן (הנחה), שטייט מען אויף ניט געשלאפן (אויספיר); אז גאט וואלט וואוינען אויף דער ערד, (הנחה) וואלטן אים די מענטשן די פענסטער אויסגעשלאגן (אויספיר); בעסער גוט געזען, איידער שלעכט געהערט. א. א. וו. מיט די גלייכווערטלאך באנוצט מען זיך, ווען מ'וויל עפעס אויסדריקן פארשטעלטערהייט, אלעגאריש, בדרך משל, בלשון סגי-נהור, איראניש, ביים געבן אנצוהערעניש אדער א שטאך (שטעכווערטלאך).

למשל, אנשטאט צו זאגן—ער איז שיכור, ווערט געברויכט דאס ווערטל—ס'איז אים ענג אין די קאמאשן. אויף א בארוועסן זאגט מען—ער גייט אין די מאמעס שיך א. ד. ג.

די צאל פון די ווערטלאך איז זייער גרויס. אלס אילוסטראציע וועלן מיר דא אנווייזן נאר אויף אייניקע פון די פארשפרייטסטע: געבן פעפער שמעקן; גלעטן מיטן האר אראפ, פייער מיט וואסער; פארשרייבן אין קוימען; דאס אייבערשטע פון שטייסל; איינריידן א קינד אין בויך; לייגן זיך פייגעלאך אין בוזים; אראפ פון מארק; א ראיה פון דער באבע חיה; קריכן אויף די גלאטע ווענט א. א. וו.; צו דעם דאזיקן מין געהערן אויך די אזוי גערופענע פארגלייכענישן, וואס ווערן געברויכט אויף צו כאראקטעריזירן פערזאנען, צו באשטימען געגנשטאנדן, דערשיינונגען, צושטאנדן. למשל: שווארץ ווי קויל; ווייס ווי מילך; גרוי ווי א טויב; ס'קען העלפן ווי א טויטן באנקעס א. א. וו.

די אלע מינים ווערטלאך זיינען וויציק און שפיציק, שארף און טיפזיניק, טרעפן, ווי מע זאגט, אין פינטל אריין. די יידישע שפראך איז מיט אזוינע ווערטלאך רייך, אין לשער; ווי מע זאגט, אנגעפיקעוועט.

א ייד האט ליב א שארף ווערטל און האלט פון אים אן עולם-ומלואה. „א ווארט, זאגט ער, פארנעמט אן ארט“; א גוט ווארט איז מאריך ימים; איזהו גבור — הכובש א גלייכווערטל ...

די תּלמודישע ערציאונג, די געבארענע חריפות, די סוחרישע לעבנסגעניטשאפט האט אויסגעארבעט ביים יידן א ליבע צו אלץ, וואס ס'איז שכלדיק און שארפזיניק. „אויף ווערטלאך, דערציילט אונז שלום-עליכם, זיינען די כתרילעווקער די ערשטע בריות, די גרעסטע מזיקים אין דער וועלט. פאר א גלייכווערטל וועט אייך א כ. ניט זשאלעווען גיין צען מייל צופוס, ריזיקירן מיט פרנסה, איינשטעלן כמעט דאס לעבן. א כתרילעווקער עני, א מקבל, דער וואס גייט איבער די הייזער, אז ער קומט נאך א נדבה און מע גיט אים ניט, בעט ער מע זאל אים כאטש לאזן זאגן א משל און סע מאכט זיך, אז ער באקומט פאר אזא משל א מיאוסן פסק. ער עפנט טאקע מיטן קאפ די טיר, ס'איז אבער אלץ כדאי — אבי אויס-געבראכט א גלייכווערטל"...

די ערשטע גרויסע פאלקלאריסטן אונזערע זיינען געוועזן אונזערע קלאסיקער—מענדעלע, שלום-עליכם און פרץ. זיי, די קלאסיקער, האבן צונויפגעקליבן דעם צו-ווארפענעם פאלקס-פארמעגן און דורך די אריינגעבראכטע שפראך-אוצרות געשאפן דעם יסוד פון דער נאציאנאלער קולטור. זיי, די שריפטשטעלער, האבן זיך אבער ניט פאר-נומען ספעציעל מיטן זאמלען מאטעריאל פארן יידישן פאלקלאר. די דאזיקע ארבעט ווערט אויסגעפירט דורך ספעציאליסטן פאלקלאריסטן, וועלכע שטעלן זיך א ספע-ציעלן ציל—רעגעסטרירן און סיסטעמאטיזירן אלע שפריכ-ווערטער און ווערטלאך, וואס קומט פאר אין דער יידישער שפראך.

די פאלקלאריסטן שעפן זייער מאטעריאל טייל-ווייז פון די ווערק פון די פאלקס-שרייבער אבער אין גרעסטן טייל דירעקט פון פאלקסמויל.

איינער פון די ערשטע, וואס האט זיך פאראינ-טערעסירט ספעציעל מיט די יידישע שפריכווערטער איז געוועזן מ. ספעקטאר. אין יאר 1886 ווענדט ער זיך מיט אן אויפרוף צו די לעזער פון „יידישן פאלקסבלאט" נומ' 4 (ארויסגעגאנגען אין פעטערבורג) זיי זאלן פארצייכענען און אים צושיקן שפריכווערטער און פאלקסווערטלאך. דער אויפרוף האט געפונען אן אפקלאנג ביים ברייטן עולם און מיט דער צייט האט זיך צונויפגעזאמלט ביי אים א גרויסער מאטעריאל. א פאר הונדערט פון די ווערטלאך זיינען געדרוקט געווארן אין די ווייטערדיקע נומערן פון „פאלקסבלאט", אבער די גרעסטע ארבעט (ביז 2000 שפר.) איז פארעפנטלאכט געווארן אין יאר 1888 אין „הויזפריינד". אין דער דאזיקער ארבעט האט דעם גרעסטן טייל געהאט דער באוואוסטער יידישער פאלקלאריסט איגנאץ בערנשטיין. א. ב. האט זיך מיט גרויס ליבע אפגעגעבן דער זאך פון זאמלען יידישע שפריכווערטער אין משך פון 35 יאר. אין יאר 1908 האט ער ארויסגעגעבן א קאפיטאל ווערק פון קארגע 4000 שפריכווערטער און רעדנסארטן צונויפ-געשטעלט לויט א געוויסער סיסטעם און מיט ערקלערונגען 1).

1) „יידישע שפריכווערטער און רעדנסארטן געזאמלט און דערקלערט פון איגנאץ בערנשטיין, צווייטע שטארק פארמערטע און פארבעסערטע אויפלאגע, 2) ביי וועלכע עס האט מיטגעהאלפן ב. וו. זעגעל 3) בערנשטיינס זאמלונג איז א גרויסע און וויכטיקע ארבעט. זי האט ארויסגערופן א גרויסן אינטערעס צו דער יידישער פאלקסשאפונג 4) און געלייגט דעם פונדאמענט פאר די ווייטערדיקע זאמלער.

ווי אן ערשטער פרווו איז זי אבער ניט פריי פון פעלערן 5). דער הויפטפעלער באשטייט אין דעם, וואס זי איז ניט קיין פולקומע. א. ב. ווייזט אן, אז ער האט געזאמלט די ווערטלאך נאר אין רוסלאנד, פוילן און גא-ליציע. אין דעם צענטער פון דער יידישער פאלקסשאפונג, אין דער ליטע, האט ער ניט געארבעט.

אויסער בערנשטיינס זיינען אין יידיש פארעפנטלאכט געווארן פאלגנדיקע זאמלונגען:

2) יידישע שפריכווערטער, געזאמלט און נאכן ענין נאכגעטיילט אין באזונדערע אפטיילונגען פון י. פיראזשניקאוו (ווילנע — תרס"ח)

3) יידישע שפריכווערטער, גלייכווערטלאך, רע-דנסארטן און צונעמענישן וועגן לענדער, געגנדן, שטעט און שטעטלאך, געזאמלט און דערקלערט פון נח פרילוצקי און שמואל לעהמאן.

* (נח פרילוצקיס זאמלביכער פון יידישן פאלקלאר פילאלאגיע און קולטור-געשיכטע | באנד. ווארשע 1912; ב. II — ווארשע 1917 — דאס יידישע פאלקסווארט וועגן מדינות און ישובים.)

4) גויאישע ווערטלאך ביי יידן פארשריבן פון ש. הורוויץ („לעבן און וויסנשאפט" 8|9 ווילנע 1912).

5) גויאישע ווערטלאך ביי יידן, פארשריבן פון

1) אין דער ערשטער זאמלונג איז דער מאטעריאל פארטיילט אין זייער א פרימיטיווער פארם—לויטן א"ב פון די ערשטע אותיות פון די שפריכווערטער. 2) —די שפריכווערטער און רעדנסארטן זיינען ארויס אין צוויי אויסגאבן — איינע אין קראקוי—א פראכטפולע מיט א יידישער און לאטיינישער טראנסקריפציע, די צווייטע אין ווארשע אלס ביילאגע צום „אונזער לעבן" 3) —זע דעם ארטיקל פון ב. זעגעל אין „אסט און וועסט" 1904 (2) „Gott, Welt un Mensch im jüdischen Schprichwort". 4) דער יידיש-דייטשער שריפטשטעלער ארטור לאנדסבערגער האט א טייל פון בערנ-שטיינס זאמלונג איבערזעצט און ארויסגעגעבן אין דייטש. 5) זע וועגן בער. די רעצענזיע פון ש. אנסקי „יעווריסקי מיר" 1908.

ש. הורוויץ און אנילאוויטש („לעבן און וויסנשאפט" 11|12 ווילנע, 1912).

6) יידישע ווערטלאך—קורץ און שארף פארשריבן פון ש. הורוויץ. („לעבן און וויסנשאפט" 1912 12|11).

7) יידישע ווערטלאך און רעדנסארטן, נאטירט פון א. דרויאנאוו. (יובילעאומס-ביילאגע—צום „פריינד" 1912 נומערן 41, 40, 37).

8) יידישע פאלקסרעטענישן געזאמלט און דער-קלערט פון ש. באסטאמסקי. ווילנע, 1917.

9) מלחמה-גלייכווערטלאך. געזאמלט פון ש. אנסקי, „סאג" 1919. ווילנע.

10) דער וואונדער-אוצר פון דער יידישער שפראך—פאלקסטימלאכע רעדנסארטן, שפריכווערטער, גלייכ-ווערטלאך און אנעקדאטן, געזאמלט און דערקלערט דורך יהודה עלזעט: 1) דאס דאווענען—ווארשע תרע"ח; 2) מלאכות און בעלי-מלאכות—ווארשע תרע"ט; 3) יידישע מאכלים ווארשע; 4) דער מענטשלאכער קערפער.

די העכסט וויכטיקע ארבעט פון עלזעס טראגט א באזונדער כאראקטער. דער אונטערשייד פון עלזעטס ארבעטן און די אלע איבעריקע באשטייט אין דעם, וואס ער נעמט די שפריכווערטער אין גרעסטן טייל פון די ווערק פון די יידישע שריפטשטעלער. די ווערק זיינע זיינען גיכער ארבעטן וועגן די שפריכווערטער 1).

דער מאטעריאל, וואס ווערט איצט פארעפנטלאכט אין דער זאמלונג „ביים קוואל" איז נאך אין ערגעץ ניט געדרוקט געווען 2). אויף וויפיל ס'איז נאר מיגלאך געווען צו קאנטראלירן האט דער זאמלער געזען, אז די אלע שפריכווערטער און ווערטלאך, וואס זיינען שוין איין מאל פארעפנטלאכט געווארן 3) אין ספעציעלע זאמלונגען אדער אפילו אין די ווערק פון די יידישע שרייבער זאלן אין דער זאמלונג ניט אריין. אן אויסנאם איז געמאכט גע-ווארן נאר פאר וואריאנטן. דער מאטעריאל איז געזאמלט געווארן אין משך פון 12 יאר 4) אין ווילנע און אין די ארומיקע שטעטלאך אין גרעסטנטייל רויערהייט פון פאלקס-מויל אין דער עכטער פאלקס-סביבה צווישן די ברייטע פאלקסמאסן ביי צופעליקע און אויך ספעציעלע שמועסן מיט אלטע לייט, בעלי-מלאכות ווייבער א. א. אין שטוב, אין מארק, אין גאס, אין וועג א. ד. ג.

ביי אזא ארבעט אבער ווי זאמלען, סיסטעמאטיזירן און קאנטראלירן ווערטלאך זיינען אומפארמיידלאך בלויזן, טעותן און פעלערן.

די סיסטעם פון דיספאנירן דעם מאטעריאל איז אזא ווי ביי בערנשטיינען — די שפריכווערטער און רעדנס-ארטן זיינען פארטיילט לויט די גרונט אדער שלאג-ווערטער און ניט לויט די אלגעמיינע גרונט-באגריפן, ווי למשל ביי דאלן אין רוסיש. דאס איז געמאכט געווארן נאר צוליב קאנטראלע, כדי דעם ווייטערדיקן זאמלער זאל זיין לייכטער זיך צו אריענטירן 5).

אויפן געביט פון די יידישע שפריכווערטער און רעדנסארטן שטייט נאך בכלל פאר א גוואלדיקע ארבעט. פריער פאר אלץ מוז מען צונויפזאמלען די גרויסע צאל ווערטלאך, וואס איז נאך עד-היום אין ערגעץ ניט פאר-נאטירט געווארן און דאן ערשט שאפן דאס גרויסע בוך פון די טויזנטער יידישע ווערטלאך וואס וועט שוין מוזן צונויפגעשטעלט ווערן ווי ביי די אומות העולם לויט די גרונט-באגריפן.

אין איין זאך שיידט זיך די סיסטעם פון אונזער זאמלונג יא אפ פון בערנשטיינס. ביי ב. קומען די שפריכווערטער, ווערטלאך און די אנדערע מינים צוזאמען, אונזער זאמלונג האט פאר יעדן מין א באזונדערע אפטיילונג:

1) שפריכווערטער; 2) ווערטלאך, גלייכווערטלאך און רעדנסארטן; 3) פארגלייכענישן; 4) ווינטשענישן, ברכות און שבועות; 5) קללות און חרמות; 6) פאלקס-סימנים, גלויבנס, סגולות און זאבאבאנעס און 7) ווערטלאך וועגן שטעט, שטעטלאך און לענדער. די זאמלונגען פון קללות, חרמות ווינטשענישן, שבועות און ברכות זיינען

1) וועגן ווי יידישע שפריכווערטער האט מען נאך בכלל זייער ווייניק געשריבן, אויב מען זאל ניט רעכענען די צופעליקע און קליינע רעצענזיעס. א טיפערן אנאליז פון די יידישע שפריכווערטער האט לעצטנס געפרווט געבן דער יונגער יידישער קריטיקער. נ. אויסלענדער אין זיין ווערק „גרונד-שטריכן פון יידישן רעאליזם" (קיעווער פארלאג—תר"פ). אויך קענען מיר אנווייזן דעם ארטיקל פון ביילין „פארגרייזטע שפריכווערטער" אין „יעווריסקאיא סטארינא" 1910. 2) איין זאמלונג פון יידישע שפריכווערטער האט שוין דער זעלבער מחבר ארויסגעגעבן. ס'איז אבער געווען א ספעציעל קאמפילירטע ארבעט פאר שול און פאמיליע צונויפגע-שטעלט לויט פארשיידענע זאמלונגען 3) דער זאמלער האט געהאט ביי זיך נאר די ווערק, וואס זיינען אויבן אויסגערעכנט געווארן, צום גרויס באדויערן האט ער ניט געקאנט קריגן דעם נומער „יעווריסקאיא סטארינא", וואו ס'איז פארעפנטלאכט געווארן, ווי ער האט געהערט, א זאמלונג פון יידישע שפריכווערטער.

4) אין דער ערשטער רעדאקציע איז דער מאטעריאל שוין אין יאר 1913 אנגענומען געווארן צום דרוקן פון דער רעדאקציע „פנקס" 5) צו דעם צוועק ווערט אויך צוגעגרייט ביים זאמלער א שליסל וואס וועט זיין אן אלפאבעטישער (?) ... [illegible] טער וועלכן שלאגווארט און נומער עס געפינען זיך די געזוכטע ווערטלאך. דער שליסל וועט גיין אלס ביילאגע צום צווייטן טייל פון זאמלבוך „ביים קוואל".

אן ערשטער פרווו אין דער יידישער פאלקלאריסטיק.

צווישן די פאלקס־סימנים, וואס מיר גיבן אין אונזער זאמלונג, איז פאראן א טייל (באצייכנט מיט א באזונדער שטערנדל) וואס איז אמאל געזאמלט געווארן פון א. בוכבינדער און פארעפנטלאכט אין יאר 1888 אין „הויזפריינד״.

דארט זיינען זיי אבער אנגעווארפן אן א סיסטעם, דא ווערן זיי אויך איינגעטיילט לויט די הויפטבאגריפן.

אגב איז שוין יענע זאמלונג ביי היינטיקן טאג א יקר־המציאות.

די פארגעלייגטע זאמלונג „ביים קוואל״ איז א פרווו צו דערפילן די בלויזן, וואס זיינען געמאכט געווארן פון די פריערדיקע זאמלער. דער ציל פון דעם זאמלער, וואס איז אין משך פון יארן געשטאנען ביים לעבעדיקן קוואל, איז געווען — פארגרעסערן דעם מאטעריאל פאר דעם קומענדיקן פולקומען לעקסיקאן פון דער יידישער שפראך; אריינטראגן די אלע פעליקע אריגינעלע ווערטלאך, אויסדריקן און פונקענשפריצן פון דער יידישער חריפות און גאונות אין דעם ספר־הזכרונות פון אונזער רייכן, פרישן, זאפטיקן, יאדערדיקן און בליצשארפן מאמע־לשון.

די ארבעט, וואס איז ארייגעלייגט געווארן אין דער באשיידענער זאמלונג, וועט אפשאצן נאר דער, וואס האט זיך אליין מיט אזא ארבעט פארנומען. נאר דער באוואוסזיין אין דער אומגעהייער וויכטיקייט פון דער דאזיקער ארבעט האבן געגעבן דעם זאמלער מוט און קרעפטן בייצוקומען די אלע מניעות און שווערקייטן, וואס ער האט אן א שיר געטראפן אין משך פון דער צייט, וואס ער האט זיך מיט דעם פארנומען.

א סך אינטערעסאנטע מאמענטן וואלטן דערביי געקאנט דערמאנט ווערן. קודם־כל ווי אזוי עס קומט אויס צו זאמלען דעם מאטעריאל פאר פאלקלאר, ווי מע דארף זיך היטן פארן אייגנטימער, אז ער זאל ניט מערקן, אז איר טוט עפעס מיט זיינע (ער מיינט, אז דאס זיינען זיינע) ווערטלאך, ווי אזוי עס קומט אויס צו כאפן א ווערטל אינדערלופטן, ווי עס קומט אויס „נאז און אויערן״ אנצושטעלן... היינט ביי וועלכע באדינגונגען עס קומט צפטמאל אויס צו ארבעטן. וואס פאר א מיטלען מע דארף אנגעמען כדי צוצוגעבן יענעם מוט. ווייטער גייט א סדרה פון צופאסן זיך צו יעדן ווערטלזאגער באזונדער.

און ווערטלזאגער האבן מיר מכל מאמינים. פאראן א טיפ פון א יידן א חריף, פון א טביה און מנחם מענדל, פון א בעל־מלאכה א ציניקער, א טיפ פון א יידינע א. א. (אינטערעסאנט ווי דאס פאלק אליין האט באצייכנט דעם לעצטן טיפ מיטן ווערטל — ווי די ווייבער זאגן)

היינט ווי מע קוקט אייך אן, ווען מע דערוויסט זיך, אז איר פארשרייבט ווערטלאך... דאס זיינען אבער אלץ טעמעס פאר באזונדערע אפהאנדלונגען. ביי היינטיקן טאג מוזן אלע געדענקען איין זאך — די וויכטיקע ארבעט פון זאמלען די יידישע שפריכווערטער און רעדנסארטן איז נאך ניט פארענדיקט.

די צאל פון די ווערטלאך אין דער יידישער שפראך איז אזוי גרויס, אז ס'איז פשוט מיטן עמער צו שעפן, ווי ס'דריקט זיך אויס נח פרילוצקי. ער זאגט דאס אפילו בנוגע די יידישע פאלקסלידער, אבער מיט מער רעכט קען דאס געזאגט ווערן וועגן די יידישע ווערטלאך. די ארבעט מוז געטאן ווערן וואס גיכער. דער אלטער דור שטארבט אויס, דאס אלטע לעבן גייט אונטער, דער חורבן פון דער מלחמה לאזט זיך פילן מיט יעדן טאג. א גרויסער טייל פון דער פאלקסשאפונג איז שוין פארלארן געגאנגען, פון א סך רעשטלאך פון גראען אמאל איז שוין קיין זכר ניט געבליבן.

די אלע, וועמען ס'איז טייער די ווייטערדיקע אנטוויקלונג פון דער יידישער שפראך און אין דער ערשטער ריי די מאדערנע יידישע פאלקסאינטעליגענץ מיטן נייעם יידישן לערער בראש, מוזן דעריבער זען, אז די כלערליי פערלען פון דער יידישער פאלקסשאפונג זאלן ניט פארלארן גיין.

וואס געהערט דעם פאלק, וועלן מיר דעם פאלק אומקערן און טאן דאס אזוי ווי עס טוט זיך ביי אלע פעלקער — דורך דער יונגער אבער שוין שטארק אויסגעוואקסענער און מעכטיקער מאדערנער יידישער שול.

חברים לערער! אין דער האפענונג, אז איר וועט אלע אנטייל נעמען אין דער וויכטיקער ארבעט פון שמידן די קייט פון דער יידישער פאלקסשאפונג, שענק איך דאס ווערק אייך א מתנה.

---

צום סוף פון דער הקדמה האלט איך פאר מיין חוב אויסצודריקן א הארציקן דאנק דעם ח' ז. רייזען, וואס איז געווען אזוי ליבנסווירדיק און גענומען אויף זיך די ארבעט פון רעדאקטירן און דערפילן די זאמלונג;

די ח' א. בולקין, ש. גארדאן, א. י. גאלדשמידט, י. זאוועלס, ח. לונסקי און א. פרידקין, (פאלקלאריסטישע סעקציע ביי דער ווילנער יידישער היסטאריש־עטנאגראפישער געזעלשאפט) וואס האבן דורכגעזען און דערפילט דעם מאטעריאל; דעם ח' מ. שאליט און דעם געגנס קאט „יעקאפא״ וואס האבן מיטגעווירקט, אז דאס בוך זאל דערזען די ליכטיקע שיין.

ווילנע 1920 (תשרי—תרפ)

ש. באסטאמסקי.

# שפּריכווערטער

## א.

**אויבן** — אויבן איז געהויבן.

**אויבנאָן** — וואו דער חתן זיצט,
דאָרט איז דער אויבנאָן.
וואר. דר.

**אויסריידן** — אַז מע רעדט אויס אַן עין־הרע, שאַדט ניט.

**אומזיסט** — אומזיסט טרינקט מען וואַסער.

**איבערצאָלן** — וועסט ניט איבערצאָלן,
וועסטו ניט קויפן.

**אינזשעניער** — אַן אײַנגייער, איז אַן אויסברענגער.
וואר. בער „אײנועהערקע".

**אַכמעסטרינע** — ס׳איז גוט צו זײַן אַן אַכמע־סטרינע ביי אַ פולער סקרינע.
אכמעסטרינע-ברייטע באַלעבאָסטע; סקרינע—קאַסטן, פון פוילישן.—Skrzynia

**אַלט** — וואָס אַלט איז ניט ניי.

**אַליין** — אַן אייל אויף אַן אייל, נאָר אַליין.

**אַלף** — ווער עס זאָגט אַלף, מוז זאָגן בית.

**אמת** — אַלע רימען זיך מיטן אמת,
נאָר קיינער האָט אים ניט.
וואר. בער. „אמת" נום׳ 3.

**אָנציען** — אַז מע ציט צופיל אָן אַ סטרונע פּלאַצט זי.

**אָפּטאָן** — טאָן טאָר מען ניט, אָפּטאָן מעג מען.

**אַפּיקורוס** — אַז אַן אָרים־בחור ווערט אַן אַפּיקורוס, עסט ער אויף אַ חלבנע ליכט. (וואר.—חלב מיט טשוועקעס).
וואר. בער. „אויפגעקלערטער".



**אַרבעטן** — דער מענטש דאַרף אַרבעטן
און גאָט דאַרף זיין צו הילף.

**אַריבערוועגן** — איין משא וועגט אַריבער די אַנדערע.
(ד. ה. איין צרה מאַכט פאַרגעסן די אַנדערע)

**אַרייַנגיין** — אַרייַנגיין גייט מען אַריין דורך אַ ברייטער טיר און אַרויסגיין גייט מען אַרויס דורך אַ שמאָלער.
(ביים אַריינפאַלן אין מיליטער אָדער אין טורמע)

**אַרונלייגן** — אַז מע לייגט אַריין אין די ציינער, געפינט מען אין די ביינער.

**אַרייַנפאַלן** — וואו מע פאַלט אַריין,
דאָרט מוז מען בלייבן.

**אַרייַנשלעפּן** — אַרייַנשלעפּן אין אַ בלאָטע איז גרינגער ווי אַרויסשלעפּן פון אַ בלאָטע.

**אָרימאַן** — 1) אָרימאַן, זופּ יויך!
2) אַז מע וויל ניט (אַז מע האָט פּיינט) דעם אָרימאַן, וואַרפט מען אַרויס זיין טלומיק.
טלומיק-פּעקל, פּינגל מיט בער „גאַסט" 3.
3) דעם אָרימאַן געלוסט זיך אַלץ.
4) וואָס ביי אַן אָרימאַן קען זיך פאַרוואַלגערן, האָט עס דער גביר זיין אייגנס ניט.
וואר. בער. „נגיד" 9.

**אַשרי יושבי ביתך** — אשרי יושבי ביתך—איז דער בעסטער האַנדל.
(ביי נעשעפטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער ריזיקע).

## ב.

**באַרימער** — אַ באַרימער איז גוט צו שמייסן.
וואר. בער: „באַרימער“.

**באַשערט** — 1) אַז ס'איז באַשערט דער טויט,
העלפט ניט קיין רייד.
2) וואָס פון גאָט באַשערט,
פון לייטן ניט פאַרוועֶרט.

**בויך** — אין בויך זיינען קיין פענסטער ניטאָ.
(ד. ה. דער אַנדערער ווייס ניט, וואָס ס'האָט אויפגעגעסן).
וואר. בער. „קישקע“ 4.

**בײַסן** — אַז ס'בייסט, קראַצט מען זיך.

**בלינדער** — אַ בלינדער שפּילט ניט אין קאָרטן.

**בעל־מלאכה** — 1) אַ בעל־מלכה איז באַגלייבט (ביי אַ משפּט).
2) אַ בעל־מלאכה געפינט זיך
אומעטום זיין ברויט.
וואר. בער. „ב. מ.“ 2.

**בעל־עגלה** — אַז ביי אַ בעל־עגלה פאַלט דער
פערד, ווערט ער אַ מלמד.
(צו מלמדות פלעגן זיך אמאָל נעמען אַלע, וואָס האָבן זיך שוין ניט געהאַט צו וואָס צו כאַפּן).

**בעל־צדקה** — ס'איז גוט צו זיין אַ בעל־צדקה
אויף יענעמס קעשענע.
וע בער. „קמצן“.

**בעסער** — 1) בעסער אַ ביסל און רעכטס,
איידער אַ פולע און שלעכטס.
2) בעסער אַ ביס פון אַ פריינד,
איידער אַ קוש פון אַ פיינד.
3) בעסער אַ געזונטער אָרימאַן,
איידער אַ קראַנקער גביר.
4) בעסער גלאַט־געלט ביי זיך,
איידער גוט־געלט ביי יענעם.

**ברוגז** — פאַר אַ ברוגזן לאָזט מען גאָרניט.

40

**ברייען** — ווי מען ברייט, אַזוי טרינקט מען.
(ברייען—טרייבן ביר).

**בת־ישראל** — אַ בת־ישראל גויט מען ניט.

## ג.

**גאָט** — 1) אַז גאָט בענטשט, בענטשט ער מיט אַלץ.
2) אַז גאָט וויל ניט געבן,
קען מען זיך אַליין ניט נעמען.
3) אַז גאָט טוט אַ טובה,
באַרימט ער זיך ניט.
(צו איינעם, וואָס נעמט זיך איבער מיט זיינע טובות).
4) אַז גאָט מאַכט מיאוס,
קען דער מענטש ניט מאַכן שיין.
5) אויף גאָט קען מען קיין פּראָשעניע
ניט אָנגעבן (דערלאַנגען). פּראָשעניע—בקשה, אין דעם פּאָל־אָנקלאָג.
6) אויף גאָט קען מען (וואר.—טאָר מען)
קיין קשיא ניט פרעגן.
7) אַלץ, וואָס גאָט טוט, מוז זיין גוט.
8) ביי גאָט איז אַלץ מיגלאַך.
9) ביי גאָט איז אַלץ מילכיק. (פּאַראָדיע פון פריערדיקן שפּריכוואָרט).
10) גאָט גיט ניט דעם טויט אין די הענט.
(ד. ה.—פאַרן טויט מוז מען זיך אָנמאַטערן)
וואר.—... ווייל דאַן וואָלט זיך יעדע נענומען דאָס לעבן.
11) גאָט טוט ניסים מיט דעם אָרימאַן.
12) גאָט זיצט אויבן און פורקעט אונטן.
פּאַראָדיע פון שפּריכוואָרט: „גאָט זיצט אויבן און פּאָרט אונטן.“
13) גאָט לעבט און מיר מאַטערן זיך.
וואר. בער. „גאָט“ 11.
14) גאָט שיקט צו דעם שפּינער זיין
פלאַקס, דעם שענקער זיין ביר און
דעם אָרימאַן, דעם גר־זיין וועגווייזער.
וואר. בערג וואר. דרויזנאָה.

56

15) מיט גאָט איז גוט צו האַנדלען.
16) ניטאָ ביי גאָט קיין פאַרגעסענע און קיין פאַרזעסענע.
17) פון גאָט קען מען זיך ניט באַהאַלטן.

**גאַנז** — ווי די גענז, אַזוי די גריוון.
וואר. בער. „משוגע".

**גוי** — דער גוי איז טרייף אָבער זיין גראָשן איז כשר.

**גוט** — 1) אַ גוטע זאַך האַלט מען פאַר זיך. (איראָניש).
2) אַ גוטע סחורה איז אַלע מאָל גוט.

**גוטער** — 1) אַ גוטן העלפט אַ וואָרט, אַ שלעכטן העלפט קיין שטעקן אויך ניט.
וואר. בער. „גוטער".
2) אַלע גוטע פערד זיינען משוגע. (צו איינעם, וואָס הוצט זיך צופיל).
3) פון קיין גוטן קען מען קיין שלעכטן ניט מאַכן, און פון קיין שלעכטן קען מען קיין גוטן ניט מאַכן.

**גיין** — אַז עס גייט אַ געשעפט, מאַכט מען אים אויף גיך.

**גליק** — 1) איידער מע כאַפּט דאָס גליק טרעפט מען גיכער דאָס אומגליק.
2) דאָס גליק איז ווי אַ שניר פערל: פאַלט אַראָפּ איינער, צעשיטן זיך אַלע.

**גנב** — 1) אַ גנב אויף אַ גנב פאַרשטייט זיך.
2) אַ גנב איז אַ גזלן.
3) אַ גנב פון אַ גנב איז פטור.
4) אַז די גנבים צעקריגן זיך, קומט דער ערלאַכער מאַן צו זיין שאָדן.
וואר. בער. „גנב" 6, 7.

**געטריי** — ביז דו ווערסט בויען אויף דאָס ניי, בלייב דעם אַלטן געטריי.

**געלוסטן** — 1) דעם אָרימאַן זאָל זיך ניט (טאָר זיך ניט) געלוסטן.
2) פאַרן טויט געלוסט זיך.
3) פאַרן טויט זאָל זיך ניט געלוסטן.



**געלט** — 1) געלט איז ניט קיין שפענער.
2) געלט איז קיילאַכדיק.
וואר. בער. „געלט" 19.
3) געלט קלעפּט (ציט) צו געלט.
וואר. בער. „געלט" 21.
4) דעם מענטשנס געלט, מאַכט אים פריי די וועלט.

**געניסן** — אַ גוטן ביסן ווילט זיך יעדערן געניסן.

## ד.

**דאגה** — 1) אַז דער מענטש איז געזונט, האָט ער אַ סך דאגות; אַז ער ווערט קראַנק האָט ער איין דאגה (ווי אַזוי געזונט צו ווערן).
2) פרעמדע דאגות קען מען אַריבערטראָגן.
וואר. בער. „דאגה" 2.

**דאַנקען** — ווען מע זאָל גאָט דאַנקען פאַר די גוטעס, וואָלט ניט זיין קיין צייט צו באַקלאָגן זיך אויף די שלעכטעס.

**דלות** — 1) דער דלות איז ערגער פאַר אַלעס.
2) דער דלות פאַרשטעלט די חכמה. (וואר.—דעם שכל).
3) דער דלות שלעפּט זיך נאָך נאָכן אָרימאַן.

**דערוואָרגן זיך** — מיט אַ קליין ביינדל קען מען זיך אויך דערוואָרגן.

**דעריאָגן** — ס'איז ניטאָ דער פערד און וואָגן, וואָס זאָל די יונגע יאָרן דעריאָגן.

**דערקענען** — מ'דערקענט דעם מענטשן נאָכן גאַנג נאָך.

פרגל מיטן רוסישן—по платью встречают

## ה.

**האָבן** — איידער האָבן און גראָבן איז שוין בעסער גאָרניט צו האָבן. (ווען קינדער).

האַנט־געלט — אַז מ׳גיט האַנטגעלט,
גייט מען אַריין אין דער דירה.
(מאַכט מען אַ געשעפט).

האַנדלען — 1) אַז מ׳האַנדלט געניג,
ווערט מען קלוג.
2) אַז מ׳האַנדלט ניט מיט לינקס,
האָט מען ניט קיין רעכטס.
(אַ גנבישׁ שפּריכוואָרט. „לינקס" — מיינט מען געגנבעטע סחורה).

האָפענונג — האָפענונג מאַכט ניט זאַט.

האָרן — וואָס עלטער דער אָקס,
אַלץ שטאַרקער דער האָרן.
(ד. ה.־וואָס דער מענטש איז עלטער,
אַלץ שטאַרקער איז ביי אים די תאווה).

הון — ניטאָ קיין הון, ניטאָ קיין הינדעלאַך.

הונגער — דער הונגער קען צו אַלץ ברענגען.

הונט — אַ הונט בילט!
(מאַך זיך ניט דערויס, וואָס יענער רעדט אויף דיר)

היזק — דער וואָס האָט אַ היזק,
האָט נאָך אַן עבירה אויך.
(ווייל ער איז חושד דעם צווייטן, אָפטמאָל אַן אומשולדיקן).

היינט — נאָך אַמאָל „היינט" איז ניטאָ.

וואָלוול — פון וואָלוועלע פיש גיסט מען אַרויס די יויך.
פאַרגל. מיט בער. „וואָס וואָלוול, איז טייער."

וואַסער — אַז מקאָכט וואַסער, בלייבט וואַסער.

וואַקסן — וואַקסן אין דער לענג קאָסט קיין געלט ניט.
ווערט געברויכט אויף אַ הויכן און אַ דאַרן.

וואָרט — אַ גוט וואָרט פאַרנעמט אַן אָרט.
ווער. בער „וואָרט"

ווייב — וואָס ביי דער ווייב איז פאַראַן,
געהערט אַלץ צום מאַן.



ווײנען — אַז ס׳וויינט זיך, מיינט זיך.
ווערט געברויכט אויף אין דעם זין: בשעת עמיצער באַקלאָגט זיך, איז מען אים אַזא חושד אין אַ שלעכטן מין).

ווינטשן — וואָס דו וועסט זיך ווייניקער ווינטשן,
וועט דיר אַלץ ווייניקער פעלן.

וועלט — 1) אַ וועלט קען מען ניט איבערמאַכן.
ווער. בער.
2) אַ וועלט שלאָפט ניט.
3) די וועלט איז אַ גרויסע און ס׳איז זיך ניטאָ וואו אַהינצוטאָן.
פרגל. מיט בער. „וועלט" № 6
4) די וועלט איז אויך אַ וועלט.
5) הבל הבלים — די וועלט איז אַ חלום.
(פון אַ פאָלקסליד).
6) פאַר דעם איז די וועלט,
וועמען שכל פעלט.

וועלן — אַז עס מאַכט זיך ניט ווי עס ווילט זיך, מוז מען וועלן ווי עס מאַכט זיך.

## ז.

זאָגן — פון זאָגן ביזן ציילן גערדויערט.

זון — האָט מען זין איז וואויל,
האָט מען טעכטער, מאַכן זיי הויל.

זינדיקן — 1) האָסטו געזינדיקט צוויי מאָל,
וועסטו שוין זינדיקן אַלע מאָל.
(וואר. — אַן אַ צאָל)
2) ווער עס זינדיקט מיט די אויגן אַזוי ווערן זיי אים טונקל אויף דער עלטער.
3) ווער עס זינדיקט מיט די אויערן, דערהערט ער לסוף זיין שאַנד.

זיפצן — זיפצן און קרעכצן צעברעכן אַ האַלבן גוף פון דעם מענטשן.

זען — בשעת מ׳וויינט זעט קיינער ניט,
בשעת מ׳לאַכט, זעען אַלע.

## ח.

**חברה** — חברה איז קיין גזלן ניט .

**חזיר** — פון אַ חזירשן עק קען מען קיין פיילנבויגן ניט מאַכן. וואַר. בער. „חזיר" 10

**חכמה** — צאָ חכמה, טאָ ניע יעגאָ, צאָ יעגאָ, טאָ ניע חכמה, וואָרטשפּיל־צווישן „יגע" און Jego. אוא הסכמה האָט דער ריב״ל נעגעבן אויף איינעמס אַ חיבור וואָס האָט געהייסן „יגע וחכמה"

## ט.

**טאַטע** — 1) אַז דער טאַטע איז דערבײַ,
קען די מאַמע זײַן געטרײַ.
2) אַז דער טאַטע איז אַ לץ,
איז דער זון אַ פּאַדלעץ.
(וואָרטשפּיל)

**טאָן** — 1) אַז ס'וואָלט געווען אַן עבירה,
וואָלט דאָס דער רב ניט געטאָן,
אַז ס'וואָלט געווען אַ סכנה,
וואָלט דאָס דער דאָקטאָר ניט געטאָן.
(ס'מיינט קינדער האָבן)

**טאַנצן** — יעדער מענטש טאַנצט זיך זײַן טאַנץ
און אַלע קומען צו איין טאַנץ.

**טאָפּ** — אַרום אַ פעטן טאָפּ,
איז זיך גוט צו שמירן.
וואַר. בער. „טאָפּ" 6

**טויגן** — דער וואָס טויג ניט צו קיין קאָרט,
טויג ניט צו קיין אַנדער זאַך.
(אַזוי זאָגן די דאַמען — קאָרטנשפּילערינס)

**טויז** — די ערשטע טויז איז סימן דלות.
(אַ קאָרטנווערטל)

**טרויען** — ווערמען מע טרויט געלט, איז רײַכער פאַר דעם, וואָס עס האָט געלט

**טרינקען זיך** — אַז מע טרינקט זיך,
כאַפּט מען זיך אָן אָן אַ שטרוי.
(וואַר בער „טרינקען זיך")



**טרער** — טרערן זײַנען ניט קיין וואַסער.
(פרגל „בלוט")

**טראַכטן** — צען מאָל טראַכטן, איין מאָל פאָרן

## י.

**יאָגן זיך** — נאָך אַ פעדער יאָגט ער זיך,
אַ פּערינע לאָזט ער אַרויס. (איין)

**יושר** — 1) יושר וויל מען,
אַז דער צווייטער זאָל האָבן.
2) יושר ווערט דערמאָנט אַפילו בײַ גנבים ווען זיי טיילן זיך.

**יחסן** — בײַ די מחותנים זײַנען אַלע יחסנים.
(ד. ה. די מחותנים האַלטן פון אַלע נעפּט).

**יתומה** — אַ יתומה איז אַ מיצווה צו קיצלען.

## כּ.

**כּעס** — 1) אַז די קו ווערט אין כּעס,
גיט זי גאָר אַ בריק אין דאָניצע.
וואַר בער „קו" № 10
2) אַז מ'איז אין כּעס אויף דער שנור
שרײַט מען אויף דער טאָכטער.
וואַר. בער „שנור".
3) אַז מ'איז אין כּעס אויפן חזן,
זאָגט מען ניט קיין אמן.
(וואַר. שפּרינגט מען ניט קיין קדוש
וואַר בער „ברוגז"

## כ.

**כאַפּן** — 1) אַז מע כאַפּט,
גיט מען איבער די הענט.
2) אַ חזיר כאַפּט דעם בעסטן עפּל.
3) דער ערגסטער הונט כאַפּט אָפּט דעם בעסטן ביין.

## ל.

**ליבן** — טאַטע־מאַמע דאַרפן דעם קינד ניט לויבן, ווייל קיינער וועט זיי ניט גלויבן.

**ליגן** — וואָס לענגער עס ליגט,
אַלץ שטאַרקער וועט דאָס זיין.
(וואָגן די בעלי־מלאכות אויף אַ פאַרלעגענער שטיקל אַרבעט. דער שפּריכוואָרט האָט אויך אַן אויסגעלאַסענעם זין).

**ליידן** — צוליב איין שלעכטן ליידן פיל גוטע.

**לייען** — אַ גביר טאָר מען ניט לייען קיין קליינ־געלט, אַן אָרימאַן — קיין גרויס־געלט.
(איך האָב נאָך געהערט ווי מ׳האָט צו געגעבן: „און אַ בוך זאָל מען קיינעם ניט לייען״).
אַ ווילנער זקן האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָס ווערטל שטאַמט פון א. מ. דיק).

**לעבן** — 1) אַז מ׳לעבט, האָט מען אַ האָפענונג צו שטאַרבן.
2) איין מאָל לעבט מען.
3) ווי מ׳האָט, אַזוי לעבט מען.
4) כאָטש איין מינוט נאָר לעבן גוט.
5) קיין צוויי וועלטן לעבט מען ניט.

**לעבעדיקע** — אַ לעבעדיקע זאַך בעט עסן.

**לעכערדיק** — אַ לעכערדיקן זאַק קען מען ניט אָנשטאָפּן. (וואַר. אָנפילן).

**לעצטע** — די לעצטע קיעלע גיט מילך.
(ד. ה. — דאָס לעצטע געלט איז מזלדיק).

**לערנען** (זיך) — ביז זיבעציק יאָר לערנט מען זיך, דערנאָך שטאַרבט מען גאָר אַוועק.
(וואַר. בער. „שכל״ נומ׳ 1).

**לערנער** — אַ לערנער האַלט שווער און שוויגער פאַר די הערנער.
(ד. ה. — ער מעלקט זיי).



## מ.

**מאַכן** — 1) זאָל זיך אַזוי מאַכן אַ קליידעלע, ווי עס מאַכט זיך אַ מיידעלע.
2) זאָל מען אַזוי קענען מאַכן פון קליינע גרויסע, ווי מ׳קען מאַכן פון גרויסע קליינע.
(מע מיינט געלט אַן בנדים).
3) ירחמיאל דער זעמשער מאַכט אַן אויוון, קריגט ער שכר־לימוד.
(פאַרגלייך מיט בער. „שוסטער״ 4).
4) פון איינעם קען מען קיין צען ניט מאַכן און פון צען קען מען קיין איינעם ניט מאַכן.
(מ׳מיינט פון איין קינד).

**מאַן** — בעסער אַ שטרויענער מאַן, ווי זיידענע קינדער. (וואַר. — נאָדלענע)

**מוטער** — פון אַ שלעכטער מוטער
איז דאָס קינד ניט קיין גוטער.

**מויל** — מ׳קען לייט די מיילער ניט פאַרמאַכן.

**מזל** — מזל איז ניט פאַר אַלעמען גלייך.

**מחותן** — די גרעסטע שונאים
ווערן נאָענטע מחותנים.

**מחשבה** — רבות מחשבות בלב איש —
אַ באָך נאַזאַד פריאָט.
(פרגל. מיטן ספר. „דער מענטש טראַכט, און גאָט לאַכט״).
באָך נאַזאַד פריאָט — גאָט שטופּט אויף צוריק.

**מי** — ווער עס האָט די קי, דער האָט די מי.
וואַר. בער. „קוה״.

**מיינען** — ער מיינט אַז שמעלקע איז זיין פעטער.
און איך מיין אַז שמעלקע איז מ י י ן פעטער.
(לייען מיטן טראָפּ אויף „זיין״ און „מיין״).

**מכה** — אַ מכה איז גוט צו זען ביי יענעם אונטערן אָרים.

**מלאכה** — פון פיל מלאכות ווייניק הצלחות.
וואַר. בער. „מלאכה״ נומ׳ 2.

מלאך המות — דער מלאך המות קוקט ניט
אין לות.

מלמד — א מלמד בלייבט א מלמד.

ממון — 1) ממון איז דמים.
(ד.-ה. פאר געלט פארניסט מען בלוט).
2) ער וויל צוויי מאל דמים
(ד.-ה. דאס געלט און דעם נפש).

מען — קען מען, מעג מען.

מעלקן — כל זמן די בהמה לאזט זיך מעלקן
פירט מען זי ניט צום שוחט.

מענטש — 1) א מענטש איז ניט קיין אייזן.
וואר. בער. „מענטש" 13.
2) א מענטש איז קיין יחסן ניט.
3) א מענטש איז קיין מלאך ניט.
4) א מענטש האט זיך ניט מיט וואס
איבערצונעמען.
5) א מענטש רעדט, א הונט בילט.
(ד.-ה. א מענטש האלט ווארט, און א אומענטש האלט
קיין ווארט ניט. מע ברויכט דאס אויך בשעת עמי־
צער וידלט זיך).

מת — 1) א מת פון בית־חיים טראגט מען ניט צוריק.
וואר. בער. „בית.עולם".
2) כל זמן דער מת ליגט אין שטוב,
טאר מען וועגן זיינע חסרונות ניט ריידן,
(ווערט געברויכט אויך אין א איבערגעטראגענעם זין,
ווען מע רעדט וועגן א שלעכטער סחורה).

## נ.

נאגל — אן איינגעבראכענעם נאגל
קען מען ניט אויסגלייכן.
(ד.-ה. וויער אן איבערגעפירטן מענטשן קען
מען ניט אויספעסערן).

נאמען — א גוטער נאמען גייט אין אלע לענדער.

נאר — 1) אז א נאר גייט צווישן די קראמען,
פרייען זיך די קרעמער.
(וואר. בער. „נאר" 9



2) אלע הייסן נאראנים (דעם נארן
(ד. ה. ווי רערקענען אים).
3) א נאר איז אן אייביקער קאליקע.
וואר. בער. „נאר" 22.
4) יעדער נאר גיט צו זיך א שאר.

נײַן — 1) אויף „ניין" זאל מען קיין חרטה ניט האבן.
2) ניין איז גרינג צו זאגן.

ניינטל — די ניינטל שלאגט די טויז.

נעמען — ווען מע וואלט איינעם לאזן נעמען
פון דער וועלט וואס זיין הארץ גע־
לוסט, וואלט ער פאר דעם צווייטן
גאר ניט געלאזן.

## ס.

סוד — סודות פון חדר טאר מען ניט אויסזאגן
וואר. — פון חדר זאגט מען ניט אויס.

סחורה — א סחורה טאר ניט מיאוס ווערן.
(א סוחריש שפריכווארט)

## ע.

עבירה — וואס פאר אן עבירה מ׳טוט,
אזוי באצאלט מען

עולם — דער עולם איז א גולם.
(וואר. בער. „עו״ם" 2, פיר. — „יחיד־רבים")

עושר — דער עושר איז קיין בעל־יושר.

עסן — 1) אז מ׳עסט ניט, איז מען ניט זאט.
2) ווער ס׳עסט אין זיין צייט,
איז א לייט.
3) עסן איז דער לעבן,
שטארבן איז דער טויט.
4) פירעשקעס (וואר. — קהעפלאך) עסן,
ווערט אויך דערעסן.
5) צוויי מאל א ביסן עסט מען ניט.

עפענען — אויב די טיר עפנט זיך ניט פארן
ארימאן, וועט זי זיך עפענען
פארן דאקטאר.

עקשניש — אַן עקשנישער ביסן איז געשמאַק.
ערלאַכער — ניט דער רייכער באַצאָלט,
גאָר דער ערלאַכער.
ערשטע — 1 דאָס ערשטע מיידל וואַרפט מען
אַריין אין פייער.
(פאַרגרייזטער שפּריכוואָרט. א. ס. דיק ערקלערט, אַז ס'האָט געדאַרפט זיין ערשטע מאָדעל — פּראָבע; זע: פאַרגרייזטע שפּריכווערטער Евр. Старина.
2) דער ערשטער קוילעטש קומט
אַרויס ניט געראָטן.

## פּ.

פּאַרך — 1 אַז אַ לויז קריכט אַריין אין אַ פּאַרך,
ווייס זיך דער פּאַרך ניט ווי
צו קראַצן.
(פאַרגלייך מיט בער. — „כעט אַ פּאַרך צום מנין ווערט ער ביי זיך גרויס").
2) אַ מענטש, אַ מענטש און אין
מיטן אַ פּאַרך.
פּרנסה 1) וואָס טוט ניט אַ ייד צוליב פּרנסה?
2) פון קליין פּרנסה ווערט מען ניט
בדלות.
פּעקל — יעדער מענטש האָט זיך זיין פּעקל.
(צרות).
פּראָצענט — דער פּראָצענט איז אַמאָל ליבער
פאַרן קרן.
(מ'זאָגט דאָס אויף אַ מאַן, וואָס האָט ליבער די קינדער פאַר דער פרוי)

## פ.

פאַלן — 1 דער וואָס ליגט אויף דר'ערד,
(וואַר — אין דר'ערד.) קען ניט פאַלן.
2 פאַלן זאָל מען צום קאָפּ און ניט
צו די פיס.
(וואַר. בער. — „בעסער" נומ 36)

3) קריך ניט צו הויך,
וועסטו ניט דאַרפן פאַלן.
פאַרזען — פאַרזען איז פאַרשפּילט.
פאַריבל האָבן — אַז מ'האָט פאַריבל,
טוט ווי דער בויך.
פאַרלאָרן גיין — קיין מענטש גייט ניט פאַר-
לאָרן, ביז ס'ענדיקן זיך ניט
זיינע יאָרן.
פאַרפאַלן ווערן — אַן עסיקע זאַך ווערט
ניט פאַרפאַלן.
(אַ זאַך, וואָס מעג עסן).
פאַרקירצן — זיבן זאַכן פאַרקירצן דעם מענטשן
די יאָרן: כעס און קינאה, תאווה
און גאווה, רכילות, זנות און
ליידיקגיין.
(פּרגל. מיט די קריסטלאַכע זיבן טויט־זינד).
פאַרשטיין זיך — אַ נאַר אויף אַ נאַר פאַר-
שטייט זיך.
פאַרשפּאָרן — פאַרשפּאָרן געלט הייסט פאַר-
דינען געלד.
פייג — פון פינף פינגער קען מען מער ווי
קיין פייג ניט מאַכן.
פּיוול — זאָל זיין פון טייוול,
אַבי ס'זאָל הייסן פּיוול.
פיינט האָבן — פיר זאַכן האָט גאָט פיינט:
אַן אָרימאַן אַ בעל־גאווה, אַן
עושר אַ ליגנער, אַ זקן אַ נואף
און אַ מאַן, וואָס גט זיין ווייב
און נעמט זי צוריק.
פירן — ווי מע פירט, אַזוי האָט מען.
פרום — ערב יום־כיפור ווערן אַלע גנבים פרום.
פריינד — 1) איין פריינד אין אַ נויט איז בעסער
ווי הונדערט, ווען מע דאַרף זיי ניט.
2) איין פריינד אין אַ נויט — וואו
געפינט מען אים?

**פריינד** — 3) פון אַ שונא קען מען זיך אַליין
פאַרהיטן, פון אַ גוטן פריינד זאָל
גאָט פאַרהיטן.

4) פון אַ גוטן פריינד די קלענסטע
רעה קרענקט מער ווי פון אַ שונא
די גרעסטע.

5) גאָט באַהיט מיך פון מיינע גוטע
פריינד, פון מיינע שונאים וועל איך
מיך שוין אַליין פאַרהיטן.

**פרייען** (זיך) — דער מילנער פרייט זיך,
אַז די רעדל דרייט זיך.

**פרעדמע** — 1) פרעמדע איז געשמאַק.

2) פרעמדע געלט וואַרימט ניט.

3) פרעמדע צרות טראָגט מען אַריבער.

## צ.

**צד** — 1) איין צד טאָר מען ניט אויסהערן.
(וואַר. בער. „צד" 3)

2) בעסער אַ צד אין טיש,
איידער אַ טשאַד אין קאָפּ.
(ווערטשפּיל פון „צד" און „טשאַד").

**צו** — וואָס צו ה׳ איז אומגעזונט.
(צו־צופיל) וואַר. בער. „גוט" 8.

**צוזאָגן** — צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט קיין געלט ניט

**צוליינן** — צום קלענסטן פגר לייגט דער גלח ניט צו

**צונג** — 1) אַ צונג איז אָן ביינער.

2) מיטן צונג קען מען אַלץ מאַכן:
(וואַר.—איז אַלץ גרינג צו מאַכן)

**צוקומען** — וואָס עס קומט צו, קומט ניט אָפּ.

**ציבעלע** — 1) אַז ציבעלע איז ביטער,
איז קרוטשקע רויט.
(בין ניט קיין פּאַסיקן פאַרגלייך. וואַר. בער. „ציבעלע".)

2) אַלע ציבעלעס זיינען ביטער.

**צייט** — כל זמן מ׳לעבט, איז אַלץ קיין צייט ניטאָ.

**צרה** — 1) אויף צרות לעבט מען.

2) אין צרות איז גאָר קיין גרונט ניטאָ.



3) וואו אַ צרה, דאָרט אַ מאָדע.
(אַזוי זאָגט אַ פריילן, ווען מ׳ניט זיך איר ניט איין דער טואַלעט און זי טרייסט זיך דאַן דערמיט, וואָס אַזוי מוז זיין די מאָדע).

## ק.

**קאָזאַק** — זאָל זיין פון אַ קאָזאַק,
אַבי אויף לאַנגע יאָר.
(וואַר. בער. „קאָזאַק" 4).

**קאָכן** — אַז מ׳קאָכט מיטן הינטן, שטינקט מיט ד׳.
(מ׳מיינט, אַז מ׳ניט ניט אַכטונג אויף דאָס וואָס מ׳קאָכט פירט זיך איבער דאָס עסן).

**קאַץ** — פאַר אַ קאַץ קען מען זיך ניט באַהאַלטן

**קאָרט** — אַ קאָרט האָט פיינט אַ ווייב און אַ טישטאַך.

**קאָרטנגעלט** — קאָרטנגעלט גיט מען ניט אָפּ.

**קוואַטירעלע** — פון דער קוואַטירעלע
האָט מען אַ גאָלדענעם שנירעלע.
(אַ היסטאָריש וואָרט. אַזוי פלעגט מען זאָגן אַמאָל, ווען יידן האָבן גוט פאַרדינט פון שענקען. וואַר. בער.—אַ קוואַטירל איז אַ גאָלדן שנירל". בער. דערקלערט אַזוי: „פון אַ שנכור, וואָס ציט אים צום פלעשל")

**קוועטשן** זיך — גייט דאָס—גייט דאָס,
קוועטשן זיך דאַרף מען ניט.

**קויפן** — קויפן איז גאָלד, פאַרקויפן איז גאָרניט.

**קוקן** — 1) אַז מע קוקט אין (פון) דער הויך,
כאַפּט אַ שווינדל.
וואַר. בער. „אַרויפקוקן" נומ׳ 4.

2) די קאַטשקע קוקט גאָר אָן אַ זייט,
אָבער אירע אויגן טראָגן ווייט.

**קישקע** — אַ שלעפּערשע קישקע, קען מען ניט
אָנשטאָפּן.
וואַריאַנט — אָרימאַנס קישקע

**קייען** — געקייטע איז ניט געשמאַק.
(איבערגעחזרטע איז ניט גוט צו הערן).

**קליין** — פון קליינינקע ווערן גרויסינקע.
(ד. ה.—פון קליינע קינדער ווערן גרויסע מענטשן).

קלינגען — פאר א טויבן גלח קלינגט מען ניט
קיין צוויי מאל.

קניפן — קנייפן איז ניט שלאגן.
טונקען איז ניט טרינקען.
(שטאמט פון א פאלקס-אנעקדאט).

קנעכט — דער שלעכטער קנעכט
זוכט צו שפעט זיין רעכט.

קעכין — פון צוויי קעכינס קומט ארויס דאס
עסן אדער געזאלצן אדער גאר אן זאלץ.

קענער — קיין קענער ווערט ניט געבוירן.

קערן — מ'קען קערן די בלאט ווי מ'וויל.

קראנקייט — פון קראנקייט און ארימקייט
איז קיינער ניט באווארנט.

קריאת-שמע — אז מ'לייענט אפ קריאת-שמע,
שלאפט מען רואיק.

קריכן — אויף פרעמדע קברים
טאר מען ניט קריכן.
(מ'מיינט-אויף א פרעמדנס צרה).

## ר.

רחמנות — ווער ס'האט קיין רחמנות אויף יענעם
האט קיין רחמנות ניט אויף זיך.

ריידן — 1) אז מ'רעדט, דעררעדט מען זיך.
2) ניט גערעדט, איז אויך גערעדט.
(ווער. 1) ניט גערעדט איז אויך געמיינט,
2) ניט גערעדט איז אויך געשווגן).

רשע — גיב דעם רשע טרינקען פון זיינע זינד,
וועט ער אוועק פון דער וועלט געשווינד.

## ש.

שבת — 1) יעדער שבת מיט זיין מזל.
(אזוי זאגט דער ארימאן, וואס אויף יעדן
שבת שיקט אים דער אויבערשטער צו).
2) שבת האט א פנים פון יענער וועלט.



3) שבת רוט אפילו דער סמבטיון אויך.

שווארצלאך — שווארצלאך איז הארצלאך.

שוועבעלע — מיט איין שוועבעלע קען מען
פארברענען א גאנצע שטאט.

שטארבן — 1) אז ס'קומט צום לעבן,
דארף מען שטארבן.
2) דער גרעסטער גביר שטארבט
אמאל פאר דער צייט.
3) ווי מ'קען ניט לעבן מיט גוואלד,
אזוי קען מען ניט שטארבן
מיט גוואלד.

שטארק — יעדער זאך איז שטארק,
ביז וואנען ס'צערייסט זיך.
(ווער. ס'צעברעכט זיך).

שטוב — א שטוב דארף האבן א מענטשן.

שטימען — צוויי קלוגע קענען ניט שטימען.
(מ'מיינט א צו קלוג פאר פאלק).

שטעקן — ווי דו זאלסט ניט ווארפן דעם
שטעקן, האט ער אלץ צוויי עקן.

שטראפן — ווער עס שטראפט דעם צווייטן,
מוז פריער פאר זיך גוטעס אנגרייטן.

שימחה — 1) א מחותן ווייניקער,
איז די שימחה גרעסער.
2) פון א שימחה ווערט מען פעט.

שכל — 1) אז מ'האט ניט קיין שכל,
דארף מען קיין קאפ ניט האבן.
(ווער. בער. „שכל" נומ' 8).
2) שכל איז א גאט זאך.
(ווערט געברויכט אויך פארקירצט „ס'איז א גאט ווער").

שכן — קויפסטו א הויז, פרעג זיך נאך
ווער זיינען די שכנים ארום.

שכר — ווי דער צער, אזוי דער שכר.

שלאף — פארן שלאף קען קיינער ניט ערוב זיין.

שלום — וואו שלום, דארט איז ברכה,
וואו אמת, דארט איז הצלחה.
(ביי בער. די ערשטע העלפט).

שלעכט — שלעכט איז נאָר דעם, ווער עס
קען קיין שלעכטס ניט איבערוואַרטן.

שמייסן — מיט צוויי בייטשן שמייסט מען ניט.

שמירה — דריי מענטשן דאַרפן האָבן שמירה:
א חתן, א כלה און קראַנקער.

שניידעריי — שניידעריי טויג אויף כפרות,
שוסטעריי ליגט אין דר׳ערד.

(א היסטאָריש ווערטל, אזוי פלעגט מען אַמאָל זאָגן
אויף א בעל-מלאכה, וואָס פלעגט ווייניק פאַרדינען).

שענדן — ווי מ׳קען ניט קיין שלעכטן לויבן,
אזוי קען מען ניט קיין גוטן שענדן.

שפּילן — שפּיל דעם חתן ווייגענדיקס—
ער האָט זיינס אין זינען.

שרייען — וועמען ס׳טוט וויי, דער שרייט.

## ת.

תורה — 1) תורה אָן מלאכה
איז ניט קיין מזל-ברכה.
2) תורה אין קעפּעלע,
קאַשע אין טעפּעלע.
3) וואו תורה, דאָרט איז קראַכמאַל.

(פּאַראָדיע-אויפן שפּריכוואָרט „וואו תורה דאָרט איז חכמה").

תכלית — ווער עס לעבט אָן תכלית,
יענער שטאַרבט אָן א צייט.

ווער.-בער.; פיר.; ל. ב-ן (פּנקס).

## שפּריכווערטער, וואָס זיינען צוגעקומען אינדערצייט פון דרוקן.

אויסרייבן זיך — אז מע רייבט זיך אויס,
ווערט מען א שמאַטע.
ווער. בער. „אויסרייבן".

אייביק — 1) אייביק לעבט מען ניט.
2) ניטאָ קיין אייביקע זאַך אויף
דער וועלט.

אַלט — 1) וואָס אַלט איז ניט יונג.

אמת — דער אמת איז געשטאָרבן.

אַליין — איבער „אַליין" איז ניטאָ.
(ד. ה. זיכערער פאַר אַלץ איז-פאַרלאָזן
זיך אויף זיך אַליין).

אָפּבייסן — שטעקט אים ניט קיין פינגער אין
מויל, וואָרום ער וועט אָפּבייסן.

אָפּשפּילן — דער טאַטע האָט געשמיסן ניט
פאַרן שפּילן, נאָר פאַרן אָפּשפּילן.

אָפּשפּרינגען — טרעט אָן אויף א קאַטשערע,
וועט זי אויף אָפּשפּרינגען.

אַריינכאַפּן — וואָס מע כאַפּט ניט אַריין,
דאָס האָט מען ניט.



באַקלאָגן (זיך) — ווען יענער איז מיט א
ביטערן מאָגן, גיי זיך צו
אים ניט באַקלאָגן.

באַשאַפן — די וועלט איז אויך ניט באַשאַפן
געוואָרן אין איין טאָג.

בוקן (זיך) — אויף וואָס איך האָב ניט געוואָלט
קוקן, צו דעם מוז איך זיך בוקן.

ביטער — ווער עס האָט ביטער אין מויל,
קען זיס ניט שפּייען.

ביסן — א גוטער ביסן לייגט זיך אין מאָגן.

בלאַט — מ׳קען קערן די בלאַט ווי מע וויל.

בעסער — בעסער פון קלייען איידער צו לייען.

גאָב — מ׳שטיינס געזאָגט פון א מענטשן די גאָב:
די גאָב איז א קליינע און די שאַנדע
א גרויסע.

גלאַט — גלאַט געלט וועט גלאַט אַוועקגיין.

גלויבן — אונטן און אויבן אין גלויבן.
אז מע גלויבט (וואַר-ליבט) די פרוי,
גלויבט מען (ליבט מען) אירע קרובים.

**געזונט** — אַז אַ מענטש איז געזונט, מיינט ער,
אַז עס קומט אים אַזוי,

**געלער** — 1) אַ געלער איז אַ גנב.
2) אַ געלער איז אַ רמאי.
(זע בער „רויטער״).

**געשמאַק** — וואָס ביי יענעם, איז געשמאַק.
(וואר.-הוילט זיך).

**גרינג** — אַז מע רעדט זיך אויס דאָס האַרץ,
ווערט גרינגער.

**דאגה** — מיט דער גרעסטער דאגה קען מען
ניט באַצאָלן דעם קלענסטן חוב.

**האָן** — אַ האָן איז אַ שפּאָן.

**וואונדערן** (זיך) — אויף קיין זאַך טאָר מען זיך
ניט וואונדערן.

**וואָלף** — דער וואָלף זאָל זיין זאַט און דאָס
קעפּל קרויט זאָל זיין גאַנץ.
(פון אַ פאָלקס-רעטעניש).

**וואָרט** — איידער דאָס וואָרט קומט אַרויס פון
דיין מויל, ביסטו דער באַלעבאָס,
דערנאָך איז ער דער באַלעבאָס.

**טאָן** — טו וואָס איך זאָג, אָבער ניט וואָס איך טו.

**ייד** — 1) אַ ייד האָט אמונה (ווערטשפּיל פון „האָט
אמונה״—איז באַגלויבט און „האָט אמונה״—
האָט אַ גלויבן, גלויבט).
2) נעם אַ יידן אונטערפאָרן,
וואַרפט ער דיר אַרויס פון וואָגן.

**לאַכן** — זיי ניט קיין נאַר,
וועט מען פון דיר ניט לאַכן.

**מוזן** — ווער עס מוז דער קען,
ווער עס קען, דער מוז ניט.

351

**מיטלען** (זיך) — צווישן צוויי מיטלט זיך אויס
אַ דריטער.

**מיידל** — אַלע מיידלאַך זיינען כלות.
(ווערטשפּיל פון „כלות״ און „קלות״-לייכט
אין דער דעה).

**מלאך** — אַמאָל זיינען מלאכים געגאַנגען באַר־
וועס, היינט גייען זיי אין שיך.

**מענטש** — 1) אַ מענטש האָט גרויסע אויגן.
2) וואו עס זיינען ניטאָ קיין מענטשן,
זיי דו דער מענטש.
(פּרגל-בער, „הערינג״).

**משיח** — פאַרוואָס קומט ניט משיח?
— ווייל אַ בלינדער שוסטער נייט אים
די שיך.

**נאַרן** — אַ וועלט נאַרט מען ניט.

**פאַרקויפן** — פאַרקויף און האָב חרטה.

**פריינד** — אַ גוטער פריינד איז בעסער,
פון אַ פריינד. (פריינד-קרוב)

**צער** — פון צער ווערט דאָס ביינדל דאַר.

**צרה** — ווען אַלע זאָלן ברענגען זייערע
פעקלאַך צרות אין מאַרק אַריין פאַר־
קויפן, וואָלט יעדערער גיך זיין פעקל
צוריק געכאַפּט

**קלוג** — פאַר זיך איז קיינער ניט קלוג, פאַר
יענעם זיינען אַלע קלוג.

**קרעטשמע** — קיין קרעטשמע טאָר מען ניט
פאַרמיידן

364

# ווערטלאך, גלייכווערטלאך און רעדנסאַרטן.

## א.

אָדער — 1) אָדער — אָדער.

2) אָדער אהער, אָדער אַהין.

3) אדער אַ גט.

וואר.—אָדער אַ העט, אָדער אַ גט.

וואר.-בער. „גט".

4) אָדער אַ נס, אָדער אַ מת.

5) אָדער דריי, אָדער דרייצן.

6) אָדער הענג זיך, אָדער טרינק זיך.

7) אָדער דער פריץ וועט שטאַרבן, אָדער דער הונט וועט פגרן.

8) אָדער טרעפן, אָדער פעלן.

אדרבא — 1) אַ דראַבינע (פאראָדיע אויף „אדרבא".

2) אדרבא ואדרבא.

3) איך בין מיט אים אדרבא ואַדרבא און ער איז מיט מיר קידער-ווידער.

(וואר און ער איז מיט מיר ביילע רוק זיך!)

אַוודאי — אַוודאי טראָגט וואסער.

אוועקגיין — 1) אוועקגיין מיטן רויך.

(וואר—מיטן ווינט, מיטן וואסער, מיטן שטויב.)

2) אוועקגיין פון דער וועלט.

3) ס'וועט אוועקגיין אין גוט געלט.

אוועקגעבן — 1) אַוועקגעבן דעם קאָפּ.

(וואר.—די נשמה).

2) אוועקגעבן צוריק.

(ד. ה. אויסבערעבן).

382

אוועקזעצן (זיך)— אַוועקזעצן זיך אויף רבנות

(זיצן צו לאַנג איבער אַ קלייניקייט).

אוועקלייגן — 1) אַוועקלייגן אַ דרשה.

2) אוועקלייגן דעם קאָפּ.

אוועקמאַכן — אַוועקמאַכן אונטער (מיט) דער האַנט.

אוועקפאָרן — איך פאָר נאָך קיין אַמעריקע ביט אַוועק!

אויבן — אויבן פיקס, אונטן ניקס.

אויג — 1) אַ בייזע אויג.

2) אַ גוטע אויג.

3) אונטער פיר אויגן.

4) אויג אויף אויג.

5) גלעזערנע אויגן.

6) גרויס אין די אויגן.

7) די אויגן-קריכן פון קאָפּ.

8) האָבן אַן אויג אויף עפּעס.

(ויאר.—ווארפן).

9) האָבן אַן אויג ביי גאָט.

(זיין זיכער אין גאָטס הילף).

10) האָבן גרויסע אויגן (פארלאַנגען אַ סך).

11) וואו די אויגן טראָגן.

12) זאָגן אין (אונטער) די אויגן.

13) מאַכן גרויסע אויגן.

(ד. ה. וואונדערן זיך).

14) נעמען די אויגן אין די הענט.

(ד. ה. זיך גוט איינקוקן).

402

**אויג** — 15) ס'פאַרנעמט אַן אויג!
(איראָנישער אויסרוף).
(חער.-ס'נעמט אָפּ).
16) פון אויג. (משל-דער טאַטע פון אויג. ד. ה. זייער ענלעך אויפן טאַטן, ס'איז לייכט צו דערקענען).
17) פאַרשטאָכענע אויגן.
18) קיין בייז אויג זאָל ניט שאַדטן.
(ווערט געברויכט אויך איראָניש).

**אויער** — 1) אין איין אויער אַריין, פון דעם אַנדערן אַרויס.
2) זיינע אויערן זאָלן מיט גאָלד פאַר־האַנגען ווערן!
(ביים זאָגן עפּעס אין די אויגן).
3) פון דיין מויל אין גאָטס אויערן.
4) צי זיך פאַר ן אויער!
(ביים דערמאָנען אַ געשטאָרבענעם)

**אויס** — 1) אויס מחותן! (חער.-אויס מחותנתטע)
2) אויס מענטש.
3) אויס יום־טוב, ווידער וואָך.

**אויסבּטלען** — אויסבּטלען אַלע בייזע חלומות צו יענעמס קאָפּ.

**אויסבייטן** — 1) אויסבייטן אַ הוסט אויף אַ קדחת
2) אויסבייטן אַ שוך אויף אַ לאַפּטשע.

**אויסבייטלען** — 1) אויסבייטלען זיך.
(ד. ה. בלייבן אָן געלט).
2) אויסבייטלען יענעם.
(ד. ה. לאָזן יענעם אָן געלט).

**אויסברעכן** — אויסברעכן גרין און געל.

**אויסגיין** — 1) אויסגיין מיט די כּוחות.
2) אויסגיין מיט הונגער.
3) אויסגיין נאָך איינעמס טריט.
4) אויסגיין נאָך עפּעס.
5) אויסגיין פאַר אַ...

**אויסגיסן** — אויסגיסן דאָס ביטערע האַרץ.

**אויסגעבונדן** — קאָנען אויסגעבונדן.



**אויסגעוועבט** (ווערן) — ד. ה. פאַרלירן טעם און ריח.

**אויסגעקקערט** (ווערן) — ד. ה. האָבן גרויסע צרות.

**אויסגראָבן** — אויסגראָבן פון אונטער דר'ערד.

**אויסגרונטעווען** — ד. ה. שילטן מיט די לעצטע קללות.

**אויסדאַרן** — זיין קאָפּ איז ניט אויסגעדאַרט.

**אויסדינען** — אויסדינען אַלע עבודה־זרות.

**אויסדרייען** — אויסדרייען די הענט מיט די פיס.
(ש התראה).

**אויסדרייען** — מאַכן אויסצודרייען.

**אויסהאָבן** — אויסהאָבן איינעם (ד. ה: פטור ווערן)

**אויסהויכן** — אויסהויכן די נשמה.

**אויסוואָרף** — אַן אויסוואָרף פון נאַטור.

**אויסווייזן** — אויסווייזן אותות און מופתים.

**אויסוויינען** — 1) אויסוויינען דאָס דריטע אויג.
(איראָניש).
2) אויסוויינען די אויגן.

**אויסזויגן** — אויסזויגן פון פינגער.

**אויסזיין** — אויסזיין וואו די וועלט האָט אַן עק (אַ ברעג).

**אויסזיצן** — 1) אויסזיצן אַ באַנק.
2) ער וועט אויסזיצן הינדעלאַך.
(זאָגט מען אויף אַ מענטשן, וואָס זיצט לאַנג אויף איין אָרט).

**אויסזען** — איך וועל שיין (פיין) אויסזען!...

**אויסטאָן** — אויסטאָן יענעם אין איין העמד.
(ד. ה. — מאַכן יענעם פאַר אַן אָרימאַן).
(חער. — פון העמד).

**אויסטאָן זיך** — 1) אויסטאָן זיך פון אַלצדינג.
2) אויסטאָן זיך פון הויט.

**אויסטראָגן** — (לוינען).

**אויסטרייסלען** — אויסטרייסלען פון אַרבל.

**אויסכאַפּן** — מע כאַפּט דאָס אויס! (איראָניש)

**אויסלאָזן** — 1) אויסלאָזן כל-חמתו צו יענעמס קאָפּ.
2) וואָס איך האָב אויף מיין הארצן, וועל איך אויסלאָזן צו זיין קאָפּ.
(וואַר.-צו זיין לייב און לעבן).

**אויסלאָזן זיך** — 1) ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַן אויסגעבלאָזענע איי.
(וואַר. בער. „איי" נום 7)
2) ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך.
(וואַר. אַ בוידים).

**אויסלייזן** — 1) אויסלייזן פון פאָניעס הענט.
לייז אונז אויס, גאָט, פון גלות און פון די בעלי-עגלות!
(וואָרטשפּיל)
(בעלי-עגלות—פורמאַנעס און בעלי-גלות-אונטערדריקער)

**אויסמאָלן** — אויסמאָלן יענעם דאָס געלט.
(ד. ה. — אָפּעקנעבן ביסלאַכווייז).

**אויסמענטשלען** — אויסמענטשלען זיך (יענעם)

**אויסן** — ניט דאָס בין איך אויסן. (ס. מ. ס.)

**אויספּוצן** — מ'האָט אים אויסגעפּוצט.

**אויספּאָרן** — אויספּאָרן אַ מדינה (אַ וועלט)

**אויספּוילן** — אויספּוילן דאָס הארץ.

**אויספירן** — אויספירן אַ וועלט.
(וואַר. — ער האָט נאָך זיין וועלט ניט אויסגעפירט).

**אויספּעפן** — ער פּעלט אויס.
(ד. ה. — ער איז שוין געשטאָרבן).

**אויסצאָלן** (זיך) — כ'וועל זיך ניט קענען אויס-צאָלן מיט מיינע בעביכעס.
(זאָגט אַ גרויסער בעל-חוב).

**אויסציִען** — 1) אויסציִען — ד. ה. — אַנטלויפן.
(וע — „אָפּציִען")

467

**אויסציִען** — 2) אויסציִען די פיס.

**אויסציִען** (זיך) — 1) זיך אויסציִען בעטנדיק.
2) זיך אויסציִען פאַר אַ גראָשן.

**אויסקאַראַניען** — (שילטן)

**אויסקאָרמענען** — אויסקאָרמענען אויף איין זייט. (וואַר.—אויפן לינקן זייט).

**אויסקומען** — אויסקומען מיט גאָרנישט.

**אויסקומעניש** — האָבן אַן ערלאַך אויקומעניש.
(ד. ה. — באַקומען אַ פּאַרדינטע שטראָף).

**אויסקוקן** — אויסקוקן די אויגן.

**אויסקלערן** — אויסקלערן אַ ממזר-בילבול.

**אויסקערן** — אויסקערן דעם פּעלץ אויף דער לינקער זייט.

**אויסקראַצן זיך** — 1) וועסט זיך אויסקראַצן אָן דעם! (ד. ה. — אויסקומען).
2) קוים זיך אויסגעקראַצט!
(אויסנעקליבן).

**אויסקרעמלען** (זיך) — ער האָט זיך אויס-געקרעמלט.

**אויסקרענקען** — אויסקרענקען די מאַמעס מילך (קללה).

**אויסרוען** — אויסרוען די ביינער.

**אויסריידן** — זאָל ניט אויסגערעדט זיין.

**אויסרייסן** — 1) אויסרייסן די האָר.
(פון באָרד און פאות)
2) אויסרייסן די ציינער.
3) אויסגעריסן ווערן.

**אויסריכטן** — זיך אויסריכטן אַ צרה.

**אויסשאָקלען** — אויסשאָקלען (וואַר, אויסטרייסלען) פון אַרבל.

**אויסשטיין** — 1) אויסשטיין אַ בילבול.
(וואַר. יענעמס, אַ פרעמדן בילבול).
2) אויסשטיין המנס בילבול.
3) אויסשטיין יענעמס משוגעת.
(וואַר. — אַלע משוגעתן).

491

**אויסשטעכן** — ס'שטעכט אויס אַלעמען די אויגן.
(ד. ה. — ס'פאַרדריסט אַלעמען).

**אויסשטעלן** — 1) אויסשטעלן אַ פּאָר אויגן.
(פאַר וואונדער).
2) אויסשטעלן צוויי פייגן.

**אויסשלאָגן** — 1) אויסשלאָגן די הוצאות.
2) מיט מיר שלאָגט מען אויס
(ווער. שאָקלט מען אויס) דעם
בוידים (ד. ה. — איך בין דער
לעצטער).

**אויסשלאָפן** (זיך) — (פאַרשפעטיקן)

**אויסשמאָקצן** — אויסשמאָקצן דעם מאַרך
פון די ביינער.

**אויסשפייען** — אויסשפייען די לונג.
(חער. די נאל).

**אויף** — זיין אויפן פערד.

**אויפהענגען** — 1) מ'דאַרף זיי אַלעמען אויפ־
הענגען אויף איין שטריק.
2) ער וואָלט זיך פאַר דעם
אויפהענגען.

**אויפלייגן** — אויפלייגן די אויגן.

**אויפעסן** — 1) אויפעסן אין קאַשע.
(מ'וועט אים אין קאַשע ניט אויפעסן!).
2) אויפעסן דאָס לעצטע חעמד.
3) אויפעסן די הויט פון זיך.
4) אויפעסן זיך אַ לעבעדיקער.
5) ער וועט דאָרט קיין טון זאַלץ
ניט אויפעסן (ד. ה. — ס'חעט אים
דאָרט זיין ניט אַזוי גוט).

**אויפציען** — (צוחאַרטן).

**אויפרייסן** — אויפרייסן לייטן די אויגן.

**אויפשטיין** — 1) אויפשטיין אויפן לינקן
זייט (ד. ה.-אין אַ שלעכטער שטימונג)
ווער. בער. „אויפשטיין".
2) אויפשטיין, ווען גאָט שלאָפט
נאָך. (ד. ה.-זייער פרי).

512

**אויפשפילן** — אויפשפילן אַ חתונה. (פּראָבראַזאָטש)
(ווער. אָפּשפּילן)

**אומגליק** — 1) אַן אומגליק איז מיר געשען!
(חיי נעשריי).
2) אַן אומגליק אין שטאָט! (איראָניש).

**אומזיסט** — אומזיסט און אַמנישט

**אומחן** — וואַרפן אַן אומחן.

**אומרו** — (אויף איינעם וואָס קען רואיק ניט
בלייבן).

**אונטערנאַרטלען** זיך — זיך גוט אונטער־
גאַרטלען.

**אונטערגיין** — 1) אַ שיף מיט זויער־מילך איז
אים אונטערגעגאַנגען!...
(חען איינער נעמט זיך צום הארצן אַ קלייניקייט).
2) זיינע שיפן זיינען אים אונ־
טערגעגאַנגען! (איראָניש)

**אונטערלייגן** — מ'קען די הענט ניט אונטער־
לייגן.
ד. ה.-אַז ס'איז ניטאָ קיין מיטל, קען מען דעם קראַנ־
קן ניט העלפן).

**אונטערטראָגן** — כ'וועל דיר אונטערטראָגן!
(איראָניש).

**אונטעררייסן** זיך - ווערסט זיך ניט אונטעררייסן.

**אונטערשלאָגן** — אונטערשלאָגן די פרנסה.

**אונץ** — אויפן אונץ. (וואַר. אויפן האָר).

**אוצר** — 1) איך וועל דיך באַהאַלטן אין דר'ערד
פאַר אַן אוצר.
2) אַן אוצר פון דער וועלט!
3) געפינען אַן אוצר (באַהאַלטענע גוטס).
4) דעם מלכס אוצר וועט ניט קלעקן.

**אות** — קידוש־לבנה אותיות.

**אַזוי** — אַזוי?
— מיט פוטער!

**אחריות** — אויף מיינע אחריות!

539

**אָי** — אָי נאַ מעניאַ אי גוי נאַ מעניאַ!
(ווען איינער באַקלאָגט זיך, אַז ער האָט צרות פון אַלע זייטן).

**איבער** — איבער אַ לעפל (ווייער נעדיכט).

**איבערגענומען** — ס'האָט זיך איבערגענומען.
(ס'איז ווייניקער געוואָרן).

**איבערבעטן** — 1) איך בעט אייך איבער אייער כבוד. (קאַר. לאַסקע).
2) איבערבעטן מיט אַ ראַבער הינדל.
(וואַר. מיט אַ ראַבער (שוואַרצער) קאַין).

**איבערגעדרייטער** — אַן איבערגעדרייטער שלעסל.

**איבערגעפאַלענער** — ער איז ניט קיין איבערגעפאַלענער.
(אירעניש: אויף אַ דיקן מענטשן)

**איבערגעשפּיצטער** — (אירעניש: אויף איינעם אַ קנאַפּן חכם).

**איבערוואַשן** — איבערוואַשן די קויטיקע וועש.

**איבערכאַפּן** — 1) איבערכאַפּן די מאָס.
2) איבערכאַפּן דעם הונגער.

**איבערנעמען זיך** — באַרימען זיך.

**איבערעסן זיך** — זי האָט זיך איבערגעגעסן מיט אפיקומנס.
(וואָס מען אויף אַן אַלטער מויד).

**איבערציען** — איבערציען דעם בויגן.

**איבערקערן** — 1) איבערקערן בערג.
2) איבערקערן גורא נאַגאַמי.
(מיטן קאָפּ אַראָפּ).

**איבערקערן (זיך)** — 1) איבערקערן זיך
(ד. ה. שמדן זיך)
2) דער מוח קערט זיך איבער.
3) ער האָט זיך לאַנג איבערגעקערט אויפן אַנדערן זייט!
(ד. ה. ער איז שוין לאַנג טויט) זע „בייטן".



**איבעררײַדן** — 1) איבעררײַדן אַ טויטן.
2) איבעררײַדן אַ שטיין.
3) ניט איבעררײַדן אַ וואָרט.

**איי** — זיין „איי איי" איז ווערט געלט.

**אייביק** — דער וואָס לעבט אייביק. (גאָט).

**אייבערשטע** — 1) דאָס אייבערשטע פון די קריין.
2) דאָס אייבערשטע פון שטייסל.

**אייבערשטער** — אַז דער אייבערשטער וועט שענקען דאָס שטיקעלע געזונט.

**איידל** — ער איז איידל געפּאַטשקעט געוואָרן.

**איידער** — איידער וואָס ווען.

**איינבייגן** — 1) איינבויגן דעם קאַרק.
2) זיך איינבויגן אין דרייען.

**איינבײַסן** — ניט איינצובייסן.

**אייננײַן** — ס'גייט ניט איין (ס'האָט קיין הנאה ניט).

**איינגעבאַקן** — איינגעבאַקן אין האַרצן.

**איינגעמאַרינירט** — 1) איינגעמאַרינירט אין עסיק און אין האָניק.
(ד. ה.-זייער אויסגעפּוצט).
2) זייער איינגעמאַרינירט!
(משמעות אָנשטאָט-זייער אָנגענעם, פּאַראָדיע)

**איינהאַלטן (זיך)** — קענסט זיך ניט איינהאַלטן, פאַרדריי מיט די פיס.
(וואַר.-לאָז אַוועק).

**איינהאַמעווען** — איינהאַמעווען די וועלט.
(אויף איינעם, וואָס איז צו להוט נאָך פאַרדינסט).

**איינהיטן** — 1) גאָט (דער אייבערשטער) זאָל איינהיטן.
2) מיט צען אויגן קען מען אים ניט איינהיטן.

**איינוואַרפן** — מ'דאַרף איינוואַרפן דעם אויוון.
(סימן אויף אַ וועלטעניעם נאַסט).

**איינזאַלצן** — איך וועל דאָס ניט איינזאַלצן!
(ד. ה.-איך וועל דאָס ניט האַלטן לאַנג)

**אייניקל** — זיין אלימלכס אַן אייניקל.
(אירעניש: אויף אַ יחסן)

**אײנלײגן** — אײנלײגן די װעלט.
אײנלײגן אַ חלק.
(װאָר.—אַ חלק האָט ער אײנעלײגט!).
האָסט אַפּולע אײנגעלײגט!.

**אײנמאָל** — שױן אײנמאָל אַ...
אײנמאָל אין אַ שמיטה (יובל).

**אײננעמען** — 1) אײנגענומען אַ מיתה־משונה.
2) מאַכן אײנס און צװײ

**אײנס** — גײן אױף אײנס (ד. ה.—ריװקירן).

**אײנע** — אײנע אין אײנע (װאָר. שטיק אין שטיק).

**אײנעסן** (זיך) — 1) זיך אײנעסן אין די בײנער.
2) זײן אַן אײנגעגעסענער.

**אײנער** — 1) אײנער און אַ רעכטער.
2) אײנער אין דער װעלט.
(װאָר.—אין אַ מדינה).
3) ער װאָלט פון אײנעם געמאַכט צען.

**אײנפאַל** — געבן אױף אײנפאַל.

**אײנפאַלן** — 1) בעסער זאָלן אײנפאַלן צען קלױסטערס.
2) ס'פאַלן אײן די דמים.

**אײנרײדן** — אײנרײדן אַ קינד אין בױך.
(װאָר. פײנעלאַך אין בױים).

**אײנרײסן** — 1) אײנרײסן די װעלט.
2) אײנרײסן (פאַרשאַרפן די באַציאונגען)

**אײנשלאָגן** — אַ דונער האָט אים אײנגעשלאָגן.
ד. ה. (אַ שטאַרקן רושם אױף אים געמאַכט).

**אײנשפּאַרן** (זיך) — זיך אײנשפּאַרן מיט די הענט און מיט די פיס.
(װאָר.—מיט די הינטערשטע פיס).

**איך** — 1) איך מיט מײנע שיך.
2) — איך.
— גײ אױפן קיך, פאַרברען די ש״ד.
3) װער איז דער „איך״?

**אינגאַנצן** — זײן ניט אינגאַנצן. (ניט געזונט)
(װאָר. — ניט מיט אַלעסן).



**אָך** — אָך און װײ! (באַדױערונג).
װאָר צו אָך און צו װײ!.

**אכילה** — אַ גראָבע אכילה.

**אכצן** — אכצן מיט דרײצן מיט בײזע לױפּעניש.
זע בער. „אכצן״.

**אַלטער** — ער איז נאָך אַלץ אױפן אַלטן גאָסטינעץ.
(ד. ה.-ער פירט זיך נאָך אַלץ װי אַמאָל).

**אליהו הנביא** — אליהו הנביא איז אין דעם אַרײן,
ד. ה. ס'איז אַרײן די טול־ברכה.

**אַלע** — זײן ניט מיט אַלעמען.
(ד. ה. ניט אינגאַנצן געזונט).

**אַלף** — 1) אָנהײבן פון אַלף (װאָר. פון אַלף־בית).
2) ניט קענען קײן אַלף.
װאָר. בער. „קענען״ 6.
3) פון אַלף ביז תּ'!

**אַלץ** — 1) אַלץ אין דער װעלט.
2) אַלץ מיט אַנאַנדער.

**אַל תּיבטחו בנדיבים** —

**אמרו לאלהים** — רײד צום לאָמפּ!
(אַזױ פאַרטײטשט מען די װערטער, װען ס'העלפט קײן מיטל ניט). װאָר. בער.

**אמת** 1) אױף אַן אמת.
2) אױף צון אמתן.
3) אמת װיצבװי מײן טאַטע איז אַ קצב
4) גענאָסן בײ דעם אמת.
5) ער האָט נאָך קײנמאָל אַזאַ אמת ניט געזאָגט.

**אמתע** — 1) אַן אמתע מעשה. (איראָניש).

**אמתער** — 2) אַן אמתער גביר (אָן תּובות).
3) אַן אמתער מענטש.
(אַ װאָרט־מענטש).

**אָן** — 1) אַ בער אָן אַ עק און ער אָן...
(װען מען פאַרלירט עפּעס אומגעריכט).
2) אָן הענט און אָן פיס.
3) אָן מיר, איך בין אַ בחור!..

אַנגורן — אַנגורן די לענדן.

אַנגעבן — אַנגעבן מעשים.

אַנגעלייגט — ס'איז ביי אים ניט אַנגעלייגט.

אַנגעפּיקעוועט — (פֿול געפּאַקט).

אַנגעצויגן — ער איז ביי זיך אַנגעצויגן.

אַנדרוגינוס — (ד. ה. ניט אַהער און ניט אַהין).

אַנדרייען 1) אַנדרייען יענעם. (ד. ה. אָנרייצן).
2) דער שוואַרציאַר האָט אָנגעדרייט.

אַנהייבן — 1) אָנהייבן אויף אַ נייעם קאָן.
2) וועסט זיך אָנהייבן מיט אים,
וועסטו ענדיקן מיטן מלאך המוות.

אַנווייזן — אָנווייזן מיטן פינגער. (אונטערשטרייכן).

אַנווערן — אָנווערן די באָבעס ירושה.

אַנזאָגן — אַנזאָגן דורך אַ גוי.

אַנזייפן — אַנזייפן אַ מוח.

אַנזען — וועסט אים שוין ניט אַנזען אין (מיט די אויגן.

אַנזעצן זיך — (צודריגעלאָך זיין).

אַנזעצער — כ'בין ניט קיין אַנזעצער!

אַנטאָן — 1) אַנטאָן דעם נאַקעט.
(אויף איינעם, וואָס האָט ניט וואָס אָנצוטאָן).
2) טו אָן דעם קאַפּעלוש און זאָג „לכה דודי"!
(וואָנט מען אין שפּאָס צו דעם, וואָס נעמט אָן צו פרי שבת).

אַנטאָן זיך — 1) אַנטאָן זיך אַ כוח.
2) אַנטאָן זיך אַ מעשה.

אנטלאָפּענער — ער איז ניט קיין אנטלאָפּע-נער סאָלדאַט!
(ד. ה. מ'קען זיך אויף אים פאַרלאָזן).

אנטלויפן — 1) אנטלויפן וואו פעפער וואַקסט.
(וואָר.-וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט).
2) ס'איז ניט קיין ציג, ס'וועט ניט אנטלויפן.

אַנטרעטן — (באַליידיקן).

649

אַנטשקויען — (אָנרידן).

אַני-מאמין — אַ קנאַפּער אני מאמין.

אַנכאַפּן (זיך) — אָנכאַפּן זיך אָן אַ הייסן שטיין.

אַנלייגן — 1) אַנלייגן וועג.
2) אָנלייגן מיטן קאָפּ.

אַנמאַכן — אָנמאַכן אין די הויזן.
(וואָר. פולע הויזן).

אַנמלאַכענען — (אָנמאַכן אַ צרה).

אַנמעסטן — אָנמעסטן יענעם (ד. ה.-אָפּנאַרן).

אַנעסן זיך — 1) אָנעסן זיך ביז דרייצן.
2) אָנעסן זיך מיט באָב.
(צו איינעם, וואָס מ'דאַרף מיט אים לאַנג איינטענהן).

אַנפּייפן — אָנפּייפן יענעם אין הויטל און אין קיטל.

אַנצייכענען — אַנגעצייכנט מין השמים.

אַנציען — אַנציען די סטרונע.

אַנקאַרמענען — אַנקאַרמענען דעם שוואַרציאַר.

אַנקומען — 1) אַנקומען צו יענעמס לאַסקע.
2) אַז אָך און וויי, אַז מע דאַרף שוין אָנקומען צו יענעם!

אַנקומען — ס'איז אָנגעקומען מיט גרינע ווערים.
(ד. ה.- ווייער שווער).
(וואָר.-מיטן מויל, מיט גרינער נאָל).

אַנקלאָגן — קלאָג מיך צו דער רבצין אָן!

אַנרופן — אָנרופן דאָס קינד מיטן אמתן נאָמען.

אַנרייבן — אַנרייבן אַ מאָרדע.

אַנריידן — לאָזן זיך אָנריידן.

אַנרירן — ניט אָנרירן אַ פליג אויף דער וואַנט.

אַנשטאָפּן — 1) אָנשטאָפּן דעם חומר.
2) אָנשטאָפּן מיט געלט.

אַנשטיין — ס'שטייט אים ניט אָן!

אַנשטעל — מאַכן אָנשטעלן.

אַנשטעלן — אָנשטעלן נאָז און אויערן.

אַנשיקן — אַן אָנגעשיקטע זאַך. (וואָר. אַן אָנשיקעניש).

677

אָנשלאָגן — אָנשלאָגן אין די הויכע פענסטער.

אָנשלאָגן (זיך) — אָנשלאָגן זיך מיט אַ סחורה.
(ד. ה. — פאַרלייגן).

אָנשלאָגן (זיך) — אָנשלאָגן זיך מיט גאָלד.

אָנשרייבן — ס'שטייט ניט אָנגעשריבן.

אָפּבוּיען — אַנטלויפן, אָו סציען.

אָפּבייסן — בייס זיך בעסער אָפּ די צונג!
(וואר. — אַ האַלבן צונג. ווען עמיצער זאָגט אַ זאַך, וואָס מע וויל ניט, אַז עס זאָל מקוים ווערן).
(וואר. בער. „בייס" 2.

אָפּבריען — אָפּזידלען.

אָפּגיין — 1) אָפּגיין מיט בלוט (וואר. מיט ווייטאָק).
2) ס'גייט אים ניט אָפּ. (ס'אַנטגייט פון אים ניט) דאָס טעלערל פון הימל.

אָפּגילטן — 1) מ'זאָל מיך אָפּגילטן.
2) ס'האָט אים אָפּגעגאָלטן.

אָפּגיסן — 1) אָפּגיסן מיט אַן עמער קאַלטן וואַסער.
2) אָפּגיסן מיט אַ פּאָמוניצע.
3) אָפּגיסן מיט זוד.

אָפּגעלאָזן — אַן אָפּגעלאָזענער זאַק.

אָפּגעריסן — 1) אַן אָפּגעריסענער נאַר.
2) אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן.

אָפּדינען — ער האָט שוין זיין „סלוזשבע" אָפּגעדינט.

אָפּדרייען זיך — זיך אָפּדרייען דעם קאָפּ זוכנדיק.

אָפּהאַקן — 1) אָפּהאַקן די הענט.
2) אָפּהאַקן די פליגלען.
3) אָפּהאַקן הענט און פיס.

אָפּוועגן — 1) אָפּוועגן יעדעס וואָרט.
2) מ'קען זיי ביידן אויף איין שאָל אָפּוועגן. (ביידע זיינען גלייך).

אַפּותיקא — האָבן אַפּותיקא (ד. ה. אַפּגעלע געלט).

אָפּזאָגן — אָפּזאָגן דאָס לעבן. (וואר. מיטן לעבן).

703

אָפּטאָן — 1) אָפּטאָן אויף רייסיש.
(וואר בער „אָפּטאָן").
2) אָפּטאָן איינעם זיין רעכט
3) אָפּטאָן אַ כישוף.
4) אָפּטאָן אַ מעשה.
5) אָפּטאָן אַ שפיצל.

אָפּטאָקן — אָפּטאָקן אַ ליגן.

אָפּטובלען — אָפּטובלען (אָפּטונקען) די נשמה.

אָפּטייק — ס'איז אַן אַפּטייק ביי אים.
(אויף אַ קרעטער, וואָס פאַרקויפט זיין סחורה צו טייערע פרייזן).

אָפּכאַפּן — אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

אָפּלאָזן — 1) אָפּלאָזן די לייצעס.
2) ניט אָפּלאָזן פון פלעק.

אָפּלייקענען — אָפּלייקענען שטיין און ביין.

אָפּלעקן — אָפּלעקן אַ ביינדל.

אָפּמענטשלען — (פאָטאָגראַפירן).

אָפּנאַרן — אָפּנאַרן פון קאָפּ ביז די פיס.
(וואר. „פון קאָפּ ביז פוס".

אָפּנעמען — אָפּנעמען הענט און פיס. (וואר. לשון).
(פאר שרעק).

אַפּעטיט — 1) מיט פיל אַפּעטיט!
— ביטע מיט!
(וואר. — עסן ניט!)
2) מיט פיל אַפּעטיט!
— קומט עסן!

אָפּעסן — 1) אָפּעסן דאָס האַרץ.
2) אָפּעסן דעם קאָפּ.

אָפּפּאַטשן — אָפּפּאַטשן די פליגלען.
זע: „אָפּשראָגן".

אָפּפּטרן — אָפּפּטרן מיט שהי־פּהי.

אָפּפּאַלן — 1) ס'וועלן די הענט ניט אָפּפאַלן.
2) ס'פאַלן מיר אָפּ פונטן (שטיקער) פלייש.

אָפּפּרייערן — (ד. ה. אָפּנאַרן).

אָפּפּריצעווען — (ד. ה. אָפּנאַרן).

729

אָפּציען — אָפּציען (אויסציען)-אַנטלויפן.

אָפּקאָסטן — אָפּגעקאָסט אַ נאַט מיט גאָלד (פאַרגרייזט-פון מטמון).

אָפּקומען — 1) אָפּקומען אַ וועלט.

2) אָפּקומען מיט גאָרנישט.

אָפּקומעניש — ס׳איז פאַר מיר אַן אָפּקומעניש. (אַ מאַטערניש).

אָפּקלאַפּן — אָפּקלאַפּן אַ מזמור אין אַ רגע.

אָפּקריכן — אַן אָפּגעקראָכענע קאַץ.

אָפּרײַדן — (גנבענען).

אָפּרײַסן — אָפּרײַסן פון דער הוצאה.

אָפּריכטן — אָפּריכטן ג ל ו ת.

אָפּשאַצן — ער ווייס ניט ווי אָפּצושאַצן.

אָפּשטאַרבן — אָפּשטאַרבן מיט אַלע גלידער. (וואָר. אברים).

אָפּשיטן — אָפּשיטן מיט גאָלד. (מיט רענדלאַך).

אָפּשלאָגן — 1) אָפּשלאָגן די שוועלן. (די טירן).

2) אָפּשלאָגן דעם מוט (די פליגלען).

3) אָפּשלאָגן לונג און לעבער.

אָפּשמַדן — אָפּגעשמדטע משקה (וואָס איז געפעלשט געוואָרן מיט וואַסער).

אָפּשניט — כאַפּן (האָבן) אַ מיאוסן אָפּשניט.

אָפּשנײַדן — 1) אָפּשנײַדן אַ פּאָלע. (אַ פּאָלע ניט אָפּצושנײַדן — ד. ה. ניט אָפּצושטשעפּען זיך, ניט פּטור צו ווערן).

(זע בער. „געשעפּט" 2).

2) טרוקן ניט אָפּשנײַדן.

3) ניט גוט (וואָר. נאָך גוט) אָפּ-שנײַדן.

4) פון שטיק האָב איך דאָך ניט אָפּגעשניטן!

אָפּשפּילן — אָפּשפּילן אַ „זײַ-געזונט" (וואָר. אַ דאָבראַנאָץ, אַ חתונה).

אָפּשרײַען — אָפּשרײַען אַ טויטן.



אָפן — 1) אָפן טיר און טויער.

2) זאָגן אָפענע „איין-און-דרײַסיק".

. וואָר. בעה. „איין און דרײַסיג".

אַקערן — אַקערן מיטן נאָז די ערד.

אַקער-אײַזן — זײַן אַן אַקער-אײַזן (ד. ה.-זײַן ווייער אַ פליסיקער אַרבעטער).

אַראָפּ — 1) אַראָפּ פון מאַרק.

2) מיטן קאָפּ אַראָפּ.

אַראָפּדרייען — 1) אַראָפּדרייען דעם שוואַרצ-יאָר דעם קאָפּ.

2) אַראָפּדרייען האַלבע יאָרן.

אַראָפּהאַקן — האַק אים אַראָפּ זײַן קאָפּ! (אויף אַן עקשן).

אַראָפּוועצן — אַראָפּוועצן פון טראָפּ.

אַראָפּלאָזן — אַראָפּלאָזן אין קעשענע.

אַראָפּנעמען — 1) אַראָפּנעמען אַ מוסר.

2) אַראָפּנעמען די אויגן.

3) אַראָפּנעמען די האַנט פון האַרצן.

4) אַראָפּנעמען די סמעטענע.

אַראָפּפאַלן — 1) אַראָפּפאַלן פון הימל.

2) די גאָלד דערפון וועט ניט אַראָפּפאַלן.

3) מ׳זאָל אים אַרויפשטעלן אַ טעלער אויפן קאָפּ וועט אויך ניט אַראָפּפאַלן.

(זאָגט מען אויף אַ מענטשן, וואָס רירט זיך קוים).

4) ס׳וועט פון הימל ניט אַראָפּ-פאַלן.

5) ער איז בײַ זיך ניט אַראָפּ-געפאַלן.

אַראָפּרײַסן — אַראָפּרײַסן די כראַפּע. (ד. ה.—בארײַסן יענעם).

אַראָפּשלינגען — 1) ער האָט עס אַראָפּגע-שלונגען (ד. ה. ניט רעאַגירט).

2) ניט אַראָפּצושלינגען און ניט אויסצושפּײַען.

**ארבעט** — 1) אַן אַרבעט אַ ריינע און אַ פּרנסה אַ שיינע.
2) אַן אַרבעט פאַרן טייטל.
3) האָבן אַרבעט איבערן קאָפּ.
(וואָר.-ביז, איבערן חאלו).
4) פאַר אַ פּייאים אַרבעט (איראָניש).
5) פון אַלע אַרבעט אין באָד אַריין.
(שטאַמט פון אַן אַנעקדאָט).
(וואָר. בער. „טאָן“ נומער 2).

**ארבעטן** — 1) אַרבעטן אויף אַלע כּלים.
2) אַרבעטן אויף טיש און אויף בענק.
(וואָר. בער. „טחון“ 11).
3) אַרבעטן מיט אויסגעשאָבענע קישקעס.
4) אַרבעטן מיט די זייטן.
5) אַרבעטן מיט דער גאַל.
6) אַרבעטן מעשים.

**ארויס** — 1) אַרויס פון אַחריות.
(וואָר. פון ריזיקע).
2) אַרויס פון די כּלים.

**ארויסגיין** — ניט אַרויסגיין מפתח-ביתו.

**ארויסברענגען** — איך וויל ניט אַרויסברענגען פון מיין מויל.

**ארויסגעשלעפּט ווערן** — האָבן אַ סך צרות.
(וואָר. אַרויסגעצויגן ווערן).

**ארויסוואַרפן** — 1) אַרויסוואַרפן אויף צוויי שפּענדלאַך.
2) אַרויסוואַרפן פאַר הינט.
3) ס׳איז אַרויגעוואָרפן.

**ארויסטראָגן** — אַרויסטראָגן ביז אַ העמד.

**ארויסלאָזן** — אַרויסלאָזן פון האַנט.

**ארויסלויפן** — ס׳וועט פון שטערן ניט אַרויס-לויפן (וואָר. אַרויספליען).

**ארויסמאַכן זיך** —

**ארויסנעמען** — 1) אַרויסנעמען יענעם דאָס געזונט.
2) אַרויסנעמען די נשמה.
(און געבן שפּילן אין די הענט).
3) אַרויסנעמען יענעם צוויי אויגן און זיך איינע.
(ד. ה. טאָן זיך אַ גרעסערע רעה ווי יענעם. וואָר. בער.)

**ארויספליען** — (וע-„אַרויסלויפן“).

**ארויסצאָלן** — ער וועט דיר אַרויסצאָלן!
(איראָניש).

**ארויסציען** — אַרויסציען די קליי פון די ביינער.

**ארויסקומען** — 1) אַרויסקומען אויף מאָרגן.
(וואָר. — אויף איבעריאָר)
2) ס׳וועט אַרויסקומען אויף סווענטע ניגדע.

**ארויסקריכן** — 1) אַרויסקריכן מיט די ביינער.
2) אַרויסקריכן פון דער בלאָטע.

**ארויסרייסן** — אַרויסרייסן ביי יענעם פון מויל.
(וואָר. פון גאָרגל).

**ארויסשטעלן** — מ׳קען דאָס אַרויסשטעלן אין פענסטער, אָבער מע דאַרף פריער צומאַכן די לאָדנס.

**ארויסשטעקן** — אַרויסשטעקן די צונג.
(פון אַ סך האָרעווען, פון מידיקייט).

**ארויסשלאָגן** — אַרויסשלאָגן פון קאָפּ. (פון מוח).

**ארויפברענגען** — אַרויפברענגען אויפן פייער.

**ארויפגיין** — ס׳וועט אַרויפגיין אויפן נאָז.
(ד. ה. — ס׳איז זייער קליין).

**ארויפזעצן** — מ׳קען קיין קאָפּ ניט אַרויפזעצן.

**ארויפלייגן** — אַרויפלייגן אַ לאַפּע.

**ארויפציען** — אַרויפגיען דעם געץ אויף זיך.

**ארויפקריכן** — אַרויפקריכן אויפן קאָפּ.
(וואָר אויפן דאך).

**ארומגיין** — אַרומגיין שלינג און שלאַנג.
(וואָר. — פּוסט און פּאַס).

**אָרט** — 1) אויפֿן גוטן אָרט. (ד. ד.—אויפֿן בית=עולם)
2) דער קאָפּ איז אים אויף אַן אָרט.
3) ניט געפֿינען זיך קיין אָרט.

**אַיבער** — אַריבער און אַריבער.

**אַריין** — ס'איז אים אַריין אין נאָז.
(אַריין אין קאָפּ.—י. ל. פּרץ)

**אַריינגיין** — אַריינגיין מיט דער רעכטער פֿוס.

**אַריינגיסן** — 1) אַריינגיסן אין לאָמפּ.
(מאַכן אַ שנאַפּס).
2) ס'האָט זיך אים גוט אַריינגעגאָסן.
(ס'האָט זיך אים איינגעגעבן)
3) ער גיסט אַריין (מאַכט אַ שנאַפּס).

**אַריינהאַקן** — אַריינהאַקן אין קאָפּ.

**אַריינטרייבן** — אַריינטרייבן אַ לעבעדיקן אין דר'ערד.

**אַריינלייגן** — 1) אַריינלייגן אין מויל.
2) אַריינלייגן אַ פֿינגער אין מויל.

**אַריינלייגן (זיך)** — זיך אַריינלייגן אין שלום.

**אַרייננאַרן** — אַרייננאַרן אין זאַק אַריין.

**אַריינפֿאַלן** — 1) אַריינפֿאַלן אָן אַ נשמה.
2) אַריינפֿאַלן אין אַ שמאַלץ=גרוב.
3) אַריינפֿאַלן אין לייטישע מיילער.

**אַריינפֿאָרן** — אַריינפֿאָרן אין באַק (וואַר. פֿאַרפֿאָרן)

**אַריינקומען** — וואָס קומט מיר אַריין אין קעשענע?

**אַריינקלאַפּן** — אַריינקלאַפּן אין קאָפּ (אין מוח)

841

**אַריינקריכן** — 1) אַריינקריכן אין בוזים.
2) אַריינקריכן אין די ביינער.
3) אַריינקריכן אין די געדערים
4) אַריינקריכן אין דער גרגרת.

**אַריינרוקן** — אַריינרוקן אַ ראַזאָן אין האַלז.
(рожон)

**אַריינרייבן** — (טאָ אָפּעסן).

**אַריינשאַצן** — אַריינשאַצן אין נדן.

**אַריינשטעלן** — אַריינשטעלן אַ פּיסל.

**אַריינשטעקן** — 1) אַריינשטעקן די נאָז.
2) אַ שפּילקענע קעפּל ניט אַריינצושטעקן.

**אַריינשפּאָרן** — (זע „איינרייבן")

**אַריינשיקן** — 1) איך שיק דיר אַריין! (איראָניש)
2) אַריינשיקן דורכן בראָדער שמש.
(וואַר. בער. „ברעד")
3) אַריינשיקן דורך קאַזיאָנער פּאָטשט.

**אָרימאַן** — 1) אַ לייבלאַכער אָרימאַן.
2) אַן אָרימאַן אין זיבן פּאָלעס.

**אָרן** — ס'אַרט (ס'דערגייט) מיך ביזן קנעפּל.

**אַרעסטאַנט** — (ראַסטאַנט) אַ שלעכטס.

**אַשמדאַי** — אַלטער אַשמדאַי.

**אַשפּה** — מיסט (אויף אַ שלעכטער סחורה)

**אשת=חיל** — אַ ווייב אַן אשת=חיל.

862

# ב.

**באבעסניצע** — (א ידינע, וואָס שילט זיך; מיט א גרויסן מויל).

**באגעגעניש** — א בייזע באַגעגעניש.

**באגעגענען** — באַגעגענען מיט פולן.

**באגראָבן** — 1) באַגראָבן (באַהאַלטן אַזוי, מ'זאָל ניט קענען געפינען, איבערפירן).
2) באַגראָבן לעבעדיקערהייט.
3) באַגראָבן, אַז מ'זאָל קיין תחית-המתים ניט אויפשטיין.

**באגראָבן ווערן** — צולייגן, פאַרפאַלן ווערן.

**באגראָבן (זיך)** — ער דאַרף זיך באַגראָבן א לעבעדיקער.
(ביים אָפּטאָן א פעלער).

**באָד** — קריגן אַ באָד.

**באָדן (זיך)** — 1) באָדן זיך אין... (האָבן א שפּע).
2) באָדן זיך אין יענעמס בלוט.
3) האָבן עפּעס צו באָדן זיך.

**באדינגען** — קאַרג באַדינגען און ערלאַך באַצאָלן.

**באהאַלטן** — באַהאַלטן בחדרי-חדרים.

**באהאָמאָליען** — געַנוג צו באַהאָמאָליען!
(ד. ה. צו באַלבען, צו ריידן פוסטע דיבורים).

**באהיטן** — גאָט, באַהיט!

**באהייבן** — ניט קענען באַהייבן.
(אויספירן בייקומען).

**באוואַשן (זיך)** — באַוואַשן זיך מיט טרערן.

**באַלד** — באַלד ווי דו זעסט.

**באלעבאָס** — 1) א באַלעבאָס מיט קעסל-כלים.
2) אויף זיינע מיסט איז ער אויך א באַלעבאָס!
(פאַרגלייך מיט פּיראָושניקאָוס — „יעדער האָן אויף זיין סמעטניק").

**באָנדע** — א פרישע באָנדע. (ד ה א נייע זאַך)

**באַנדער** — 1) איך בין אויך א באָנדער!
(שטאַמט פון א פאָלקס-אַנעקדאָט)
א חזן איז אמאָל געקומען אין א פרעמד שטעטל. נאָכן דאַוונען ניט צו אים צו איינער און ניט אים אָפּ „שלום". פרעגט אים דער חזן: „ווער ווייט איר רב ייד?" האָט אים יענער געענטפערט: „איך בין אויך אַ באָנדער!")
2) זיין א באָנדער (ד. ה. ניט פאַרשטיין דעם אייגענעם פאַך, דאָס רוב געברויכט אויף שלעכטע דאָקטוירים).

**באַנומען ווערן** — ס'קינד איז באַנומען געוואָרן (ד. ה. שטיל געוואָרן.
שטאַמט פון דעם, וואָס אמאָל פלעגט מען מיינען, אַז שדים נעמען צו ס'קינד פאַרן טאָטנס ווינד. וע-פרענקל Евр. исторія изд. „Міръ" Внутр. быт евреев זייט 371.

**באַנק** — 1) אַוועקלייגן אין דער לאַנגער באַנק.
2) דורך באַנק (ד. ה. דורכשניטלאַך).

**באַצאָלן** — 1) באַצאָלן מיט פּראָצענט.
2) באַצאָלן מידה כנגד מידה.
3) לאָזן זיך באַצאָלן.
4) ס'וועט זיין „יודקע באַצאָל!"
(שטאַמט פון א פאָלקס-אַנעקדאָט).

**באָקאָם** — ס'וועט אַרויס (ס'וועט אויספאַלן) באָקאָם.

**באָקן** — באָקן בייגל (ד. ה. ליגן אין דר'ערד.
ס'זאָגט: „ליג אין דר'ערד און באַק בייגל!").

**באַראַט** — אויף גאָטס באַראַט.

**באַשטיין** — 1) איך קען באַשטיין!
(ענטפערט דער, וועמען מ'הייסט זיך זעצן).
2) איך קען מיין שטעטל באַשטיין.
(תאַר. בער. „באַשטיין").

**באַשיינען** — באַשיינען די חתונה.

**באַשערט** — 1) אַז ס'וועט זיין באַשערט פון גאָט, וועט ניט זיין געשטערט פון לייטן.
(וואָס מען ווענן אַ שידוך).

2) ס'איז טאַקע ניט ווערט, אָבער ס'איז אַזוי באַשערט.

**בגד** — בגדי־מלכות.

**בדיל־הדל** — בדיל־הדל שטעלן (ווערן).

**בהמה** — 1) אַ גרויסע בהמה (אַ שוטה).

2) אַ כשרע בהמה (אַ תּם).

3) בהמה בצורת פערד.
(וואָר.—בצורת אָדם).

**בוטשאַן** — בוטשאַן, בוטשאַן־דיין שטוב ברענט.
(אַזוי זאָגן קינדער, ווען זיי דערזעע אַ בוטשאַן).

**בוידים** — 1) מ'זאָגט אים בוידים, ענטפערט ער פאַליצע.

2) צונויפשלעפן אַ בוידים מיט אַ בוידים.

**בויען** — בויען פּראַפּאַרשטשיק.
(ד. ה.—האַלטן זיך נרוים. דאָס ווערטל האָב איך געהערט אין אוקראַינע. בויען טייטש מען דאָ אויף רוסיש—ломать на себя

**בחדר״ג** — (בײם, איבערגעבן אַ בריוו פאַר אַ צווייטן, דער שליח זאָל אים ניט לייענען. די ראשי־תיבות פון: בחרם דרבינו גרשם).

**ביוש** — שטעלן אין ביוש. (וואָר. בזיונות).

**ביטחון** — מיין ביטחון איז צעקראָכן.

**ביטער** — 1) אַ ביטערע יאַגדע.
(אויף אַ שלעכטן מענטשן).

2) אַ ביטערער יונג.

3) ס'איז אים געוואָרן ביטער אין נאָז. (ווילנע).

4) ס'איז אים געוואָרן ביטער אין פּיסק. (קאָוונע).

5) ס'איז ביטער (ד. ה.—ניט גוט).



**בייגל** — 1) אַ בייגל מיט אַ לאָך.

2) אַזוי ווי אַ בייגל פאַר אַ גראָשן.
(פון אַ פּרייז, ווען ווילבן מ'האָט זיך ניט צו דינגען).

**בייגלכאַפּער** — ער איז אַ בייגלכאַפּער.
(ד. ה. אַ גנב, וואָס קוואַפּעט זיך אויף אַ קלייניקייט).

**בייגן זיך** — בייגן זיך אין דרייען.

אָנמערקונג: א. מ. דיק גיט אַזאַ מין דערקלערונג צו דעם ווערטל: עס זיינען דאָ אין דער וועלט דריי זאַכן און ווען זיי בייגן זיך איז עס אַ סימן עניות: 1) אַ שטאַב, וואָס בייגט זיך (אַ סימן, אַז דער בעל־הבית האָט זי ניט מיט וואָס צו רעפּערירן). 2) די פּיפּע*) בראַנפן ביים ישובניק, ווען זי שטייט שוין איינגעבויגן (אַ באַווייז, אַז דער ישובניק האָט זי ניט מיט וואָס צו דערגיסן). 3) אַ טאָכטער אַ מויד, וואָס איז שוין אַזוי הויך אויסגעוואַקסן, אַז זי דאַרף זיך שוין איינבויגן בשעת די עלטערן דאַרפן זי בענטשן. (אַ באַווייז, אַז זיי האָבן זי ניט מיט וואָס התונה צו מאַכן). אַז אַ ע' דריי ביינונגען פּאַראייניקן זיך אין איין משפּחה, דאַן בייגט מען זיך אין דרייען.

**ביידע** — 1) זיי ביידע—אַן אויג מיט אַ ברעם.
(וויטעבסק).

2) זיי פ. ביידע אין איין גריבל.
(ד. ה. ס'איז ביי זיי ביידן אַ גוט לעבן).

**ביין** — 1) אַ בייזע שעה איז געווען אויף מיר!

2) זיין אַ בייזע פּריצטע.

**ביימל** — נאַ דיר די ביימל און פיר די הוצאה!
(שטאַמט פון אַ פאָלקס אַנעקדאָט. אַזוי האָט געזאָגט אַמאָל אַ מאַן צו אַ ווייב, אַ גרויסער אויספרעסערקע וואָס האָט אים דערעסן ביזן ביין).

*) פּיפּע—פאַס פון בראַנפן אין די אַמאָליקע שענקען אין די ליטווישע שטעטלעך. זע בער.—„פּיפּע".

**ביטעלע** — ניי א ביטעלע!
(איף א חוב, וואס מ'האט שוין ניט צו באקומען).

**ביטלשנידער** — (ר. ה.-א בארויסער).

**בייטן** — 1) בייטן א הוסט אויף א קדחת.
2) בייטן געלט אויף געלט.
3) ער האט שוין געביטן עטלאכע מאל תכריכים.
(ר. ח. ער איז שוין לאנג טויט).

**בייל** — שלאגן א בייל.

**ביין** — 1) א ביין אין האלז.
2) א הויפן ביינער (איף א מאגערן מענטשן).
3) דערגיין ביזן ביין.
4) הויט און ביינער.
5) טרייפענער ביין.
6) יונגער ביין. (פארגרייזט פון יונגער בוים- איף א יונגן מאן).
7) ס'לייגט זיך אין די ביינער.

**בייסן** — 1) ניטא ניט צו בייסן, ניט צו ברעכן.
2) עס בייסט אים דער האבער.

**בייסעניש** — בייסעניש און רייסעניש.

**בילעט** — ס'איז אויף בילעטן צו קוקן.

**בין** — ניט איך וויל די בין, (וואר. בים) ניט איך וויל די האניק.

**ביסן** — 1) א גוטער ביסן.
2) א טייערער ביסן.
3) א פעטער ביסן.

**ביר** — גוטע ביר אין א שלעכטער טון.

**בית.דין** — מיר וועלן צו בית-דין ניט גיין.
(וואר. מיר וועלן צום בית-דין-שטש ניט גיין).

**בכורה** — 1) געווינען די בכורה.
2) פארקופן די בכורה פאר א טאפ לינזן.



**בלא** — 1) האבן בלאָע ליפעלאך.
2) ס'איז איר בלאָ אין מויל.
(ווען א פרוי, וואס קרענקט זיך און שילט זיך שטענדיק).

**בלאט** — קערן די בלאט אויף צוריק.

**בלאט** — שלאגן בלאט (מאכן ידי-עתת).

**בלאזן** — 1) בלאזן זיך (פון זיך).
2) ס'איז אים ניט דורכצובלאזן.
(ר. ה.-ער האלט זיך זייער גרויס).

**בלאטע** — 1) דאס איז בלאטע!
2) ווארפן געלט אין בלאטע.
3) לאזן אין א בלאטע.
4) נעמען געלט פון בלאטע.
5) פארקריכן אין א בלאטע.
6) פארשלעפן אין א בלאטע.

**בלייבן** — 1) בלייבן אויף אן ארט.
2) בלייבן אונטער יענעמס הענט.
3) בלייבן אן א לונג (ריידנדיק).
4) בלייבן בעז הענע, בעז סמענע.
5) וואס בלייבט?-נעכטיקע וועטשערע.
6) ס'איז ניט געבליבן א צאן אויס-צוקאלופען.
7) ס'וועט מער בלייבן!
(אזוי טרעסט מען דעם, וואס האט מורא מ'זאל עפעס ניט צונעמען אינאנצן און פאר אם ניט איבערלאזן).

**בלוט** — 1) בלוט און מילך. (אויף א יונגן א געזונטן).
2) ס'גיסט זיך די בלוט פון אונטער די נעגל.

**בלוט זויגער** —

**בלוט צאפער** —

**בלייענער** — בלייענער פויגל.

**בלינד** — 1) א בלינדע סחורה.
2) האבן א בלינדע אמונה.

**בלינדער**-דער בלינדער האט די אויגן געעפנט.

בליען — ווען טשוועקעס וועלן בליען!
(אויף א זאך, וואָס קען ניט געמאָלט זיין).

בלעם — 1) בלעם איז געווען אַ הונט אַנטקעגן אים! (וואָס מען אויף זייער א שלעכטן מענטשן).
2) זיין אַ בלעם (א פאַרדאָרבענער).

בָּלָק — לערנען מיט יענעם בלק.

בעדער — אויפן בעדערס שוך און קליידן.
(ד. ה.—אויף א פרעמדנס רעכענונג).

בעזעמען (זיך) — בעזעמען זיך. (ד. ה.—קריגן זיך).

בעטן — 1) בעט ביי מיר אַ דרייער!
(װאָר.—אַ קאָפּיקע).
2) מ'דאַרף אים בעטן אָן אַ היטל.
(ד. ה.-ער לאָזט זיך בעטן).
3) עס בעט זיך... (עס פאָדערט זיך).

בעל־דרשער — אַ יאַלאָווער בעל־דרשער.
(אַ פוסטער בעל־דרשער).

בעל־חוב — אַ בעל־חוב איבערן קאָפּ.
(װאָר.-איבער די אויערן, איבער די האָר).

בעלָנות — אַ בעלנות פון אַ מענטשן.

בעל־צדקה — זיין אַ בעל־צדקה אויף יענעמס (אויף אַ פרעמדער) קעשענע.

בענטשן — 1) אַ געבענטשטער פון גאָט.
2) וואָס זאָל איך טאָן, בענטשן זיך מיט אים?
3) וויפיל וועט ער בענטשן דער־פאַר? (בעטן).
4) ער איז זיך ניט געקומען בענטשן!

בעסער ווערן — ער וועט בעסער ווערן!

בער — אַ קער פון אַ בער.

בערישע — בערישע לאַפּע (בערישע פיס).

בקיצור — מאַכן בקיצור.

בראַוועריע — מאַכן בראַוועריעס (ד. ה.-טומלען).

בראַט — אַ בראַט פון די ברעטער.
(ווערטשפּיל צווישן брат און ברעט).



בראָך — אַ בראָך צו מיר! (אַ חיי־נעשריי).

ברויט — 1) ברויט מיט צוגג.
2) האָבן ברויט מיטן גאָפּל.
(ניט האָבן קיין ברויט).
3) האָבן ברויט מיט פּוטער.
(צו זאַט, פאַרדינען אַ סך).
4) ער וועט שוין האָבן אַ לאַבן ברויט!
(ס'מיינט-אַ צרה).

בריטאַן — (אַ שלעכטער, מיט אַ גרויסן מויל).

ברייטע — 1) אַ ברייטער באַלעבאָס (באַלעבאָסטע).
2) אַ ברייטע האַנט.
3) אַ ברייטע צעה.

בריט — 1) מיטן שטעקן אין דער בריט.
(שטעלן שאַרף די פראַגע, רוסיש-ребром; זע בער. „חוזק" 2).
2) שטעלן זיך בריט.

ברייען — וואָס זאָל איך דאָ אייך לאַנג ברייען!
(װאָר. – איך װעל אייך לאַנג ניט ברייען).

בריק — אַ בריק צו מאַכן. (ד. ה.-ווייער פיל).

ברירה — 1) זיצן אויף אַ ברירה.
2) ניט האָבן קיין אַנדער ברירה.

ברכה — 1) אַ ברכה לבטלה.
2) אַ ברכה פון אַ כהן
3) אַ ברכה צו מאַכן.

בריכן — 1) ברעכן אַ ביין.
2) ברעכן און שטעכן.

ברעכן — ס'קערט ברעכן פון דעם.

ברעכן (זיך) — 1) ברעכן זיך. — (אין דעם זין-ס'איז זייער פיל).
2) ס'ברעכן זיך מויערן.
3) ער ברעכט זיך.
(ד. ה. ער איז ניט איינגאַנצן).
4) ברעכן און שטעכן.

ברענגען — צו וועגן ברענגען. (רעדפירן צו אַ טאַלק).

ברענען — 1) ברענט ער אויף אייגענע האָלץ! (זאָל ער טאָן וואָס ער וויל, פאַר־גלייך מיטן ווערטל „העננט ער זיך און פרייגקט זיך!“)
2) ברענען און בראָטן.
3) ברענען די טריט.
4) ברענען דעם אָרט.
5) וואָס ברענסטו אַזוי?
6) ס׳ברענט אויף אים די האָר.
7) ס׳ברענט די ווילינע! (איראָניש) (אין ווילנע אין אַנדערע שטעט דעם נאָמען פון אַרטיקן טייך).
8) ס׳ברענט ניט.
9) ס׳ברענט עסיק! (איראָניש).
10) ער ברענט אויפן פייער ניט. (וואָס מען אויף אַ שלעכטן מענטשן).

ברעקלען (זיך) - (ד. ה.-קווינקלען זיך, שלאָגן זיך מיט דער דעה).

בשתיקא — בשתיקא די קלעזמער.

---

# ג.

גאווה — 1) מער גאווה ווי גדולה.
2) פוסטע גאווה.

גאָט — 1) אַ גאָט איז דאָ!
2) אַז גאָט וועט געבן...
(איראָניש: עס וועט נאָך זיין צרות; דער וואונטש וועט ניט מקוים ווערן).
3) גאָט באַהיט!
4) גאָט איז משוגע!
5) גאָט ווייס שוין גאָר ניט וואָס ער טוט.
6) פריער גאָט, דערנאָך ער. (וואָס מען אויף אַ מענטשן, פון וועלכן מ׳ערוואַרט הילף אדער מ׳האָט די הילף שוין באַקומען).
7) גאָט זאָל מיר ניט שטראָפן פאַר די רייד.
8) גאָט צו דאַנקען!
9) גאָט צו יאַנקלען! (פּאַראָדיע אויף דעם פריערדיקן שפּריכוואָרט).
10) גאָט שטיקט צו. (פּאַראָדיע אויף „גאָט שוקט צו“).
11) ווי גאָט איז דיר ליב.
12) ווי גאָט האָט געבאָטן.
13) ווי גאָט וועט געבן.
14) טענה (שריי) צו גאָט!
15) קומען צו גאָט.
ער קען קומען אַ באָרוויסער צו גאָט (ער קען נאָך פארלירן זיין גאַנץ פאַרמעגן).

גאַל — 1) אַ מענטש אָן אַ גאַל, (ווייער אַ גוטער).
2) די געלכעלע!... (בעת רייצן זיך מיט איינעם און טאָן אים אויף להכעיס).
3) לאָזן די גאַל.
4) מיט גרין און גאַל.
5) ס׳גייט אים אַרויס די גאַל.
6) ס׳פּלאַצט די גאַל.
7) ס׳קערט די גאַל.

גאָלד — 1) גיין אין גאָלד.
2) האָבן סאָליאַנקענס מיט גאָלד.
3) ס׳איז גאָלד אַליין.
4) ס׳איז גאָלד מיט זילבער.
5) ס׳איז מיט גאָלד באַלייגט. (צו גלייך).

גאַנג — 1) הינטישע גענג.
2) הינטער־גאַנג.
3) ס׳איז „פאָלג מיך אַ גאַנג“.
4) ס׳גייט אַ גאַנג.

גאַס — איך האָב פון אים קיין גאַס ניט.
(ער לאזט מיך ניט אפ).

גאַסט — 1) אַ גאַסט אין שטעטל! (איראניש)
2) אַנטליב אייך אייער גאַסט!

גאַסטינעץ — אַ געשלאָגענער גאָסטינעץ.
(אן אויסגעטראטענער וועג).

גאַפל — מיט דער מאמעס גאָפּעלעך מיט די פינגער).

גאַר — 1) ביז גאָר. (אַ וואוילער ביז גאר).
2) פון האָר ביז גאָר.

גאַרנישט — 1) אַ גאָרנישט (אַ נישט).
2) אַזוי גוט ווי גאָרניט.
3) אַ שטיק גאָרניט.
4) גאָרניט מיט גאָרניט.

גדול — 1) אַ גראָשן (אמאליקע יארן).
2) אַ באַלשעוויק.

גדולה — אַ גדולה אויף דיין באָבען!

גוט — 1) אַ גוטער־ער שלאָגט זיך ניט.
(וואָרטשפּיל צווישן „גוטער" добрый און „גוטער"— хорошiн.

2) אַז דו וואָלסט געווען אַ גוטער...
3) אַז ער וועט זיין גוט,
וועל איך זיין פרום.
4) גאַנדז גוט, אינדיק נאָך בעסער.
(וואָרטשפּיל צווישן גאנדז און גאנץ).
5) גוט—אַ מכה (אַ געשוויר) צוצולייגן.
6) זיין גוט און פרום.
7) ס'איז גוט, ס'איז ניט שלעכט, ס'וואָלט בעסער געווען, וואָלט בעסער געווען.
(אן ענטפער אויף אַ נייגעריקער פראגע).
8) פון די גוטע די בעסערע.

גוטס — גוטס טאָן עמיצן. (בלשון סגינהור - בדיל־הדל שטעלן, אומגליקלאך מאכן).

גוט־מאָרגן — 1) גוט־מאָרגן, גוט־יאָר, אַ גוטן־טאָג! (אפּגעטאן אויף ניך).
2) זיין מיט עמיצן „גוט־מאָרגן, גוט־יאָר" (פון ווייטן).

1098

גוט־יאָר — 1) אַלץ אויף מיר, אַ גוט יאָר אויך אויף מיר!
(אזוי האָט אמאָל אויסגעשריען איינער, וואָס האָט געהאַט אַ סך צרות און האָט אָבער דערביי די האָפענונג ניט פארלאָרן).

(אַ) גוטן טאָג — אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע!
(פארפאלן).

ס'איז — יודל, אַ גוטן טאָג!
(ס'איז פארפאלן).

גוט יום־טוב — 1) גוט יום־טוב ביטן.
2) גוט יום־טוב, ער איז דאָ!

גוט שבת — 1) גוט שבת, ברײַנע!
(ווען מ'פאלט אריין אין די רייד).
2) גוט שבת, כאַשע!
וואָס מאַכסטו באַשע?
3) גוט שבת — עס געבראָטענע זשאַבעס.

גוי — 1) אַ גוי מאַכט אויך אַ צלם!
(אזוי שטראָפט אַ פרומער ייד, ווען מ'מאכט קיין ברכה ניט),
2) שבת־גוי.

גומל — ער דאַרף גומל בענטשן!

גושן — פאַרזעצן אַז קיין גושן.

גזלן — אַ קאַלטער גזלן.

גזלנישע — גזלנישע האַרץ.

גיטל — ס'וועט זיין גיטל (פאַראָדיע אויף „גט").

גילדענע — 1) אַ גילדערנער פינגערל.
(אויף זייער אַ גוטער זאך)
2) ס'איז גילדערנע ציגל.
(ווייער טייער),

גיסן — גיסן גאָלד אין האַלדז. (נעבן זיך ווינאָרע).

גיין — 1) גיי איך אויף גיך, צערייס איך די שיך;
גיי איך פאַמעלאַך, בין איך אַ למך.
2) גיי אויף באַקשט! (ווילנע).
3) גיין אויף די ציפּקעס, (אויף די שפּיץ־פינגער) (פאר מורא).

1118

4) גיין אויף אַ גליטש.
5) גיין אויף איין פוס.
(אַז מ׳וויל עמיצער זאָל זיין ניכער, זאָגט מען: „גיי אויף איין פוס !"
6) גיין אויף שטאָלצעס.
7) גיין אָן פּיס (ד. ה.—אָן חשק).
8) — גיי !
— קוםביידע !
9) גיי שלאָפן !
10) גענומען און געגאַנגען.
11) ניטאָ מיט וועמען צום טיש צו גיין.
12) מ׳גייט שוין אין זייבע שיך.
(ד. ה.—ער איז שוין לאַנג געשטאָרבן).
זע „עסן" 4.
13) מ׳זאָל טרייבן אַ הונט מיט אַ שטעקן וועט ער אויך ניט גיין.
(ביי אַ שלעכטן וועטער).
14) ס׳גייט אים דורך טיר און דורך טויער. (װאַר. פענסטער) װאַר. בער.

**גלאַט** — 1) גלאַט-געלט טראָגט מען אין באָד.
2) ס׳איז ניט גלאַט.

**גלאָצן** — גלאָצן מיט די אויגן. (מאַכן ווײַ פרוים).

**גלעטן** — גלעטן מיטן האָר אראָפּ.

**גלעזער** — דייך טאַטע איז ניט קיין גלעזער !
(מ׳מיינט צו זאָגן—פאַרשטעל ניט !)
װאַר. דר. 54.

**גלעקל** — ס׳איז מיט גלעקלאַך !

**גליק** — 1) אַ גליק האָט אים געטראָפן ! (איראָניש)
2) אַ גלאָק אין שטאָט !
(איראָניש, פּאַראָדיע פון „גליק").
3) דעם גלחס גליק.
4) ס׳איז גאָר ניט קיין יידישער גליק.
5) פאַר וועמען אַ גליק,
פאַר וועמען אַ שטריק.
6) שפּילן מיט גליק.

**גלויבן** — 1) איך וואָלט זיין אַ געשמדטער, (װאַר. אַ גוי) וואָלט מען מיר געדאַרפט גלויבן!
2) גלויבסט ניט. טאָ פאָר אריבער !
3) ס׳ווילט זיך ניט גלויבן,
מ׳מוז אָבער די האָפענונג לייגן !

**גלות** — ניט לענגער זאָל זיין דער יידישער גלות.
(פאַרגלייך מיט בער.—לאַנג ווי דער יידישער גלות).

**גלייך** — 1) גלייך אויף גלייך.
2) מיינע שלעכטע און זיינע גוטע איז נאָך ניט גלייך.

**גלייכוואָרט** — עס גייט אַ גלייכוואָרט.

**גנב** — 1) אַן ערלאַכער גנב. (איראָניש)
2) גנבישע אויגן.
3) גנבסקי וויד.
4) הענדל ה. און כאַצקל גנב.

**גנבענען** — גנבענען פון אַ גנב.

**גן-עדן** — אריין לעבעדיקערהייט אין גן-עדן.

**גנאי** — ס׳זאָל צו קיין גנאי ניט זיין

**גסיסה** — פאַר דער גסיסה.

**געבן** — 1) איך וועל קיין צוויי שילינגער ניט געבן...
(זאָגט מען ווען מ׳איז אין אַ זאַך ווייער וויבער).
2) געבן, אַז די קלאָג זאָל נעמען.
3) געבן אין קאַרק (אין קאָרנער, אין קרעגן, אין קאַרשען).
4) געבן מיט אַ קרעפּל אין קאָפּ
5) געבן אַ כבוד (אַ חלק), אַ גאָב.
6) געבן האַלדז און נאַקן.
7) געבן וואָס איך וייס.
8) געבן וואָס מ׳גיט פסח. (ד. ה.—מצות).
9) געבן וויפיל ס׳וועט אין אים אריין.
10) געבן יענעם אַ שטריקעלע זיך אויפצוהענגען. (מ׳מיינט ווייער חייניק).

11) געבן מ'זאָל האָבן וואָס צו האַלטן!
(מ'מיינט—נאַרנישט געבן).

12) געבן פון אַ שטיין די ווייכע.

**נעבער** — 1) גאָטס געבער.

2) זיין ניט פון די איבעריקע געבערס.

**געדויערן** — גוט אַוועקגיין דאַרף געדויערן.
(געווערן).

**געדיכטע** — די רעכטע געדיכט.

**געדענקען** — 1) געדענקען אויף קינדס=קינדער.

2) געדענקען דעם אַלטן פראַנצויז.

3) וואָס איר ווילט הערן און געדענקען.

4) ניט געדענקען פון דאַנענט אַהין.

**געהיילט** — וואָס בין איך געהיילט? (געהאָלפן).

**געוואַנט** — אריין אין די סאַרע געוואַנט.
(ווערן אַ יוון).

**געווינען** — געווינען די בכורה.

**געזאַלצן** — ס'איז געזאַלצן און געפעפערט.
(ד. ה. זייער אַ גוטער מקח).

**געזונט**—1) אָדער פאַר געזונט, אָדער זיי געזונט!

2) מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט.

**געלט** — 1) אָקע=געלט. (ד. ה.—קליין-געלט).

2) אין גלייכן געלט.

3) באַרעס=געלט. (מזומנים).

4) גריינגע געלט.

5) דאָס געלט האָט אים אויף די פיס געשטעלט.

6) דאָס געלט האָט זיך אויף די פיס געשטעלט. (וואַר. פון פאַריקן ווערטל).

7) האָבן געלט צו קייען.
(וואַר.-ווי בלאָטע).

8) מתים=געלט (ד. ה. פאַרפאַלענע).

9) ער שטייט ניט אויף געלט!

**געלעכטער** — 1) אַ געלעכטער פון דער באָבעס טעכטער.

2) אָן אַ געלעכטער!

1192

3) אַז אָך און אַז וויי צום געלעכטער!

4) אַ געלעכטער אָן אַ זייט.

5) מאַכן לייטישע געלעכטער.

**געלענדער** — (פּאַראָדיע אויף געלעכטער).

**געמאַך** — לאָז געמאַך!

**געמאָלט** — 1) ביי אַ מאָלער קען אַלץ געמאָלט זיין.

2) ס'קאָן ניט געמאָלט זיין!

**גענאַד** — גאָטס גענאַד.

**גענדזלען**—ס'גענדזלט זיך אים! (ס'ווילט זיך אים).

**גענוג** — גענוג פאַר דיר צו לעבן!

**גענעזלט ווערן** — (פּאַראָדיע אויף גענעזונט ווערן).

**געפינען** — 1) געפינען אַ זעמעלע.
(ד. ה. פאַלן, אַז אַ קינד פאַלט, פרעגט מען אים: „וואָס האָסטו געפונען?)

2) געפינען אַן אוצר.

3) געפינען אַרבעט פון אונטער דר'ערד.

4) דיין פוס און דיין גליד זאָל זיך דאָ ניט געפינען!

6) פאַרן שוואַרץ=יאָר געפינט זיך.

**געראָטן** — 1) געראָטן מיין בראָך!

2) געראָטענע קיטקע!

3) געראָטן אויף אַלע נאָטן.

**גערוס** — אָפּגעבן אַ גערוס.

**גערעטעניש** — אַ בייזע גערעטעניש!

**גערעכט** — גערעכט, יאַשקע! (שפּאַס)
גערעכט ביסטו, אָבער שמייסן קומט דיר.

**געשוואָלן** — 1) אַ געשוואָלענער מקח.

2) געשוואָלן און געדראָלן ווערן.

3) געשוואָלן ווערן האַרעווענדיק.

4) — ס'איז ער?
— ניין, יענער איז געווען אַ געשוואָלענער.
— וועט ער אויך געשוואָלן ווערן!

1219

**געשמדטער** — ס'מעג האָבן אַ געשמדטן טאַטן!
(ד. ה. ס'מעג זיין דערוויסט הי שרעקליך, איז דאָס ווערט דאָס געלט).

**גראָם** — גראָם־שטראָם.

**גראָשן** — 1) דאָס איז אַ געשלאָגענער גראָשן.
2) דריי אַ גראָשן.
(אויף זייער אַ האָלהעלער זאַך).
3) האָבן דעם גראָשן (ד. ה.—זיין רייך).
4) ניט האָבן קיין גראָשן ביי דער נשמה.

**גרוב** — פון אַ ליכטיקער שטוב אין אַ פינסטערער גרוב.

**גרוי** — ביזן גרויען צאָפּ.

**גרוויל** — ער איז מיט אים אַ גרוויל מיט אַ גרוויל,
(זאָגט מען אויף צוויי גוטע פריינד).

**גרויס** — 1) גרויס אין די אויגן.
2) זיי זיינען גרעסער ניט געוואַקסן

**גרונט** — אין גרונט גענומען. (זע „תוך").

**גרינג** — 1) אַ גרינגער לעבן.
2) גרינג אויפן שלאָף.
3) גרינג אויפן רובל.
4) גרינג אין דער דעה.

**גרינער** — אַ גרינער אַגרעס.

**גרעב** — ער גייט אין זיין גרעב ניט אַריין.

**גרעבע** — געבן יענעם דעם גרעבץ.

# ד.

**דאגה** — 1) אַ דאגה מיינע! (אַ דאגה מיר!)
2) אַ דאגה איז דאָס, אָבער ניט מיינע.
3) אַזאַ דאגה זאָל זיין מיט...
4) אַזאַ דאגה זאָל זיין מיט וואָס?
5) די לעצטע באָבעס דאגה!
(וואַר.—מיין באָבעס דאגה!)
6) ווייטער אַ דאגה!
7) סאַך מיין דאגה.
8) קיין גרעסערע דאגה זאָל איך ניט האָבן!
9) קיין גרעסערע דאגה זאָל ווייטער ניט זיין!

**דאגהן** — 1) אַ פערד האָט אַ גרויסע קאָפּ, זאָל ער דאגהן.
2) זאָל דער הינטערשטער דאגהן!

**דאַנק** — אַ דאַנק דיר אין נאָז! (וואַר. אין פּוּפּיק!)

**דאַנקען** — 1) גאָט צו דאַנקען!
(וואַר.—אַ דאַנק גאָט)
2) דאַנקען און לויבן יאָשקע דעם טויבן! (איראָניש)

1240

**דאָרטן** — ער איז דאָ און זיין נשמה איז דאָרטן

**דאַרן** — ס'דאַרט אים אויס דער מוח.
(ד. ה.—ס'אַרט אים).

**דאַרפן** — 1) דאַרפן אויף כפרות.
(אויף צען טויזנט, אויף צען מיסיאַטשי כפרות).
2) דאַרפסט האָבן, שיק נאָך דער באָבען.
3) וואו מ'דאַרף און וואו מ'דאַרף ניט.
4) ער דאַרף שוין דאָס טאָן!
(איראָניש: ד. ה.—ער וועט דאָס ניט טאָן).

**דובים** — לא דובים ולא יער—ניט קיין בער און ניט קיין שוואַרצע יאַגדעס.

**דודע** — 1) האַלטן זיך מיט דער דודע.
2) פון דער חופה צו דער סעודה האַלט זיך מיט דער דודע.

**דווקא** — ס'איז לאו דווקא.

**דוך** — 1) אַ קנאַפּער דוך אין דעם.
2) קיין דוך ניטאָ.
3) קיין כוך און קיין דוך.

1265

דוכענען - דוכענען איבער עפּעס. (מאכן לאנגע שהיות)

דולן — דולן אַ ספּאָדיק.

דונערן — ס'מעג דונערן און בליצן.

דופּק — 1) טאַפּן דעם דופּק.

2) עס קלאַפּט דער דופּק.

דורכלאָזן — דורכלאָזן מיט אַ פּויק.

דימענט — ער איז אַ דימענט, מ'קען מיט אים שניידן גלאָז!..

דין — על־פּי דין און על־פּי יושר.

דינגען זיך — איך וועל זיך דינגען, ווען איך וועל האַלטן ביים קויפן.

דינסטיק — נאָך שבת דינסטיק.

(אויף אַ זאַך, וואָס קען ניט מקוים ווערן. פּריגל.—שבת נאָכן קאַלטן קוגל. איבער אַ יאָר מיטוואָך).

דירה — ער האָט אַ דירה מיט ברויט.

(ד. ה.—ער זיצט אין תפיסה).

דלוג — מאַכן אַ דלוג - (פאַרפעלן אַ זאַך צו צאָלן חאָבער; היסטאָריש ווערטל).

דלות — 1) דלות, מאַך לאָקשן!—ניטאָ קיין אייער! דלות, מאַך פאַרפלי—ניטאָ קיין מעל!

(זאָר. בער. „דלות" 5).

2) דער דלות פּייפט פון אַלע זייטן.

3) ס'סווישטשעט ביי אים דער דלות.

דמים — צאַפּן די דמים.

דעה — 1) אַ ברייטע דעה.

2) זיך שלאָגן מיט דער דעה.

דעק — אַרויס דער דעק!

(אירָאָניש: ד. ה.—ס'חעט נאָך קלעקן, ס'איז נאָך ניט איננאַנצן פאַרלאָרן).

דערגיין — 1) דערגיין ביזן ביין.

2) דערגיין די יאָרן.

דערהאַלטן — דערהאַלטן די נשמה.

דערהאַרן — דערהאַרן מאָרגן.

דערזען — 1) דערזען די באָבען פון יענער וועלט.

2) דערזען די וועלט און י ע נ ע וועלט

3) דערזען דעם זיבעטן הימל.

4) דערזען דעם טאַטן פון יענער וועלט.

דערטרינקען — דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער.

דערלאָזן — ס'דערלאָזט אים דאָס האַרץ ניט.

דערלאַנגען—דערלאַנגען ביז דער זיבעטער ריפּ.

דערלייגן — דערלייגן די באָבעס ירושה.

(וואר. צולייגן).

דערמאָנען — 1) אַז מ'דערמאָנט דעם מלאך, קומט דער גלח.

(וואר. בער. „מלאך" 1).

2) מ'וואָלט אים פריער דערמאָנט, וואָלט ער פריער געקומען.

3) מ'זאָל דערמאָנען משיחן!

(פּאַראָדיע: מ'זאָל דערמאָנען אַ קול שטרוין..)

דערעסן — דערעסן ביזן ביין.

דערציילן — 1) דערצייל דאָס דער באָבען!

2) דערצייל מיר מעשיות!

דערקוילען — געקוילעט און ניט דערקוילעט.

דערקענען — 1) אַן אָפּגעשוינדענעם, וועל איך אים אויך דערקענען.

2) דערקענען דעם אינדיק נאָכן פּיק.

דרייען — 1) דרייען אַ קאַפּטור.

(אָנשטאָט דרייען אַ קאָפּ, דרייען אַ ספּאָדיק).

2) דרייען דאָס רעדל.

3) דרייען די וואָנצעס.

4) דרייען זיך אויפן קאָריק.

(... ווי דער דייטש אויפן קאָריק. (ש"ע.—„ביים קעניג אחשורויש").

5) ס'דרייט אים די ציינער.

(ד. ה.—ס'פאַרדריסט אים, ס'אַרט אים).

דרעמל — כאַפּן אַ דרעמל.

**דרייצן** — 1) דרייצן פאַר שכנים און איין פאַר שיך.
2) ריכטיק דרייצן!

**דֶרֶך** — ס׳גייט אויף אַ דרך. (וואַר.-אויף אַ לאַר).
**דַרשענען** — ער האָט וואויל געדרשנט! (איראָניש)

---

# ה.

**האָבן** — 1) דאַרפסט האָבן, שיק נאָך דער באָבען!
(וואַר. בער. „ווייב" 14).
2) האָבן יענעם אין אַרבל.
(וואַר.-אין דר׳ערד, אין די שוואַרצע גרעט. ד. ה.-ניט האָבן קיין מורא פאַר יענעם).
3) האָבן פאַרן כשרן גראָשן.

**האָדעווען** — האָדעווען טעכטער אויף לייטישע געלעכטער!

**האַלב** — האַלב פייטל, האַלב שמערל.
(ד. ה.-ניט דאָס און ניט יענץ).
וואַר. דר. 97.

**האַלדז** — 1) געשמַדטע האַלדז.
2) טרייפענע האַלדז.

**האַלט האָבן** — 1) האַלט האָבן פון ווייטן.
(וואַר. אַ שלאָגעדיקן).
2) ער האָט אויך האַלט וואָס אַלע האָבן ניט פיינט.

**האַלטן** — 1) האַלטן גאָט פאַר דער באָרד.
(וואַר. בער.)
2) ניט וויסן ווי צו האַלטן.

**האַלטן (זיך)** — 1) האַלטן זיך אויף אַ האָר.
2) האַלטן זיך פאַר אַן עוף אין קאָשיק.

**האָן** — דאָס איז אַ האָן פון כפרות, אַ חזיר פון קאַלייט. (ווערט געזאָגט אויף אַן אַלטן בחור, וואָס אויף אים מוז איינער קומען אַ סוף, וואָס מוז איינעם חתונה האָבן).

**האַנט** — 1) אַלץ איז פאַר אים אַ האַנט.
(וואַר.-אַלץ איז זיין האַנט).
2) איך גיב אייך (וואַר. נעמט איך) מיינע ביידע הענט!
3) אָפענע האַנט.
4) ברייטע האַנט.
5) האָבן לאַנגע הענט. (חשק צו גנבענען)
6) האָבן (האַלטן) יענעם אין האַנט.
7) ווי אָן הענט.
8) מאַכן איין האַנט (וואַר.-יד=אחת).
9) פאַרמאַכטע האַנט.

**האָפענונג** — אַ האָפענונג צו גאָט.

**האַקן** — 1) האַקן אַ טשייניק.
(וואַר.-אַ לאָדן, ד. ה.-דרייען אַ מוח).
2) האַקן אין מוח.
3) האַקן אַ מאָרדע, אַז די ציינער זאָלן טרעשטשען.
4) האַקן האָלץ. (טאָן אַ פּראָסטע אַרבעט, מאַכן עפּעס גראָב, פּראָסט).
5) האַקן יענעם רעדער.
(ד. ה.-ניט לאָזן יענעם פאָרן).

**האָר** — 1) אויף אַ האָר.
2) ביז אַ האָר.
3) זאָל געקרימט ווערן אַ האָר!

**האַרט** — 1) אַ האַרטער נוס.
2) האַרט-מויער=אייזן.

**האַרט ווערן** — ס׳קען דער קאָפּ האַרט ווערן עסנדיק.

**האָרעווען** — האָרעווען אויף אַ פּוסטער וועלט.

**האַרץ** — 1) אַ האַרץ פון אַ טאַטער.
2) אַזוי ווי דאָס האַרץ זאָגט אים.
3) דאָס האַרץ זאָגט.
4) האָבן גאָט אין האַרצן.

**הויב** — הויב און שלייער!

הויט — 1) אַ נייע הויט האָט זיך אויף אים אָנגעצויגן!
2) אַרויסשפּרינגען (אַרויסקריכן) פון דער הויט.
3) הויט מיט ביינער.
4) פון העלער הויט.
5) שפּרינגען אויסן הויט.

הויך — 1) אין די הויכע חדשים. (וועגן אַ שוואַנגערין).
2) הויכע פענסטער.

הויקער — זיין אַ הויקער. (ד. ה. — ניט קיין נעראָטענער)

היגער — זיין שוין ניט קיין היגער.

הונגעריק — ער קען שוין פאַר אַ הונגעריקן באַשטיין.

הונגערלאַנד — אַראָפּגעקומען פון הונגערלאַנד.

הונט — 1) אַ הונט האָט אַ ביידל? (וואָר. — אַ הויז).
2) אויפן הונט אַרויסצוגיסן.
3) דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן.
4) דאָס איז אַ הונט אַנטקעגן דעם.
5) טו אַ הונט גוטס! (וואָר: בער. „הונט" 19).

הוסט — אַ הוסט אין אַ קרענק.

היזיק — קולקע וועט האָבן איין היזיק און איך־דעם אַנדערן.
(איראָניש: פון אַ קליינעם היזיק).

היטן — 1) היטן די טריט.
2) היטן די עַצָמות. (די ביינער).

הייבן — 1) ס'הייבט אַ מוח! (איראָניש)
2) ס'הייבט ניט די הענט.

היים — ער איז שוין אין דער היים.

הייך — אויף הייך.

היינט — 1) אויב ניט היינט, איז מאָרגן; אויב ניט מאָרגן, איז איבעראַיאָר!
(היינט מען עפּעס אָפּ אויף אַ קורצער צייט, איז נאָך נישקשה; וואָרט מען לענ־נער־פאַרציט זיך שוין דאָס אויף לאַנג).
2) ס'איז היינט ניט געבאָרן געוואָרן!



3) ניט היינט, האָב איך דאָס געטאָן ניט מאָרגן וועל איך דאָס ווייטער טאָן.
4) ניט היינט, ניט מאָרגן.

הייס — 1) אויף די הייסע ציינער.
2) אויף דער הייסער מינוט.

היילונג — אַ היילונג צום האַרצן.

היילן — וואָס בין איך געהיילט?

הייצן — 1) ס'איז נאָך די באָד ניט געהייצט.
2) ער דאַרף ביי אים פעטשערעס הייצן.

הימל — הימל, עפן זיך!

הינערפלעט — ליגן אין הינערפלעט.

הינערפרעסער — אַן אַלטער הינערפרעסער.

היק — אַ ציגיינערשע היק אויף אים!

היתר — האָבן אַ היתר.

הלעיטני — זיין אַ הלעיטני. (אַ פרעסער און אַ זויפער).

המוציא — 1) ס'קלעקט ניט די חלה אויף המוציא.
(וואָר. בער. „חלה" 2).
2) ער קען אפילו קיין המוציא ניט מאַכן.

המצאה — 1) איך מיין ניט קיין המצאות.
2) פאַלן אויף אַן המצאה.

הנאה האָבן — 1) ס'קאָסט געלט און מ'האָט קיין הנאה ניט.
2) ער האָט הנאה פון זיין חזירשן לעבן.

העסע־בעס — מאַכן אַ העסע־בעט.

העוויות — מאַכן משוגענע (קעציטע, רבנישע) העוויות.

העל — אין אַלדע העל.

העכט — כאַפּן אַ העכט.

העלד — אַ העלד אין גאַטקעס. (וואָר. — אין פּלודערן)

העלפן — 1) איין גאָט מעג מיר העלפן.
2) איך קען אים העלפן לאַכן.
3) דער טאַטע פון יענער וועלט וועט שוין דאָ אויך ניט העלפן

4) העלפן יענעם טראָגן די טאָרבע.
5) העלפן מיט אַ קרעכץ.
(וואר.—מיט אַ זיפץ).
6) ס'העלפן קיין טענות ניט.
7) ס'וועט אים שוין אפילו קיין טאָטער אויך ניט העלפן.
8) קיין דאָקטאָר וועט ניט העלפן.

**העננען** — 1) הענג איך אויף איין פוס, לאָמיך שוין הענגען אויף ביידע!
(כאשר אָבדתי-אָבדתי. וואר. פּיראָזשניקאָוו)
2) הענג זיך און טרינק זיך!
(ד. ה. טו וואָס דו ווילסט).
3) הענגען אינדערלופטן.
4) זאָל ער לאַנג הענגען!
(פּאראָדיע אויף „לאַנג לעבן").

5) ס'קומט אים דער פּאַר דריי יאָר הענגען און פיר יאָר שיסן.
(שפּאַס. מ'מיינט—ס'קומט אים נאָר ניט).

**הערן** — 1) וואָס דו ווילסט הערן און געדענקען
2) וואָס הערט זיך?—דאָס וואָס מ'רעדט.
3) וואָס הערט זיך?—דער מוח קערט זיך.
4) וואָס הערט זיך?—וואָס ס'הערט זיך וואַרפט מען אַרויס.
5) ווי ער הערט ניט, אַזוי זאָל אים ניט שאַדטן!

**הפקר** — 1) הפקר=וועלט
2) הפקר=זאַך.
3) הפקר=מענטש.
4) הפקר=פּעטרישקע.

**הערנער** — עס איז מיט הערנער! (וואונדערבאַר).

**הקדש** — (אַ שמוציקער אָרט).

**התפעלות** — כאַפּן קעלבערנע התפעלות.

## וו.

**וואונדער** — 1) אַ בייז וואונדער.
2) גאָטס וואונדער.
(פּרגל. מיט „אויבערשטנס ניסים").
3) לויפן קוקן אויפן וואונדער.
4) צו קיין וואונדער זאָל דאָס ניט זיין!

**וואונדערן** (זיך) — מ'טאָר זיך אויף קיין זאַך ניט וואונדערן.

**וואוינען** — 1) איך לאַך, ווייל איך האָב ניט וואו צו וואוינען.
(שטאַמט פון אַ אַנעקדאָט. ביי איינעם האָט אַמאָל אָפּגעברענט אַ שטוב, און ער געשטאַנען לעבן דער חורבה און האָט געלאַכט?-פרעגט מען ביי אים—וואָס לאַכסטו, האָט ער געענטפערט—„איך לאַך, ווייל איך האָב ניט וואו צו וואוינען").

2) ער וויינט וואו מ'שלאָגט אים.
(וואָרטשפּיל-וואוינען און וויינען, לויט דער ליטווישער אויססמראַך).

**וואַך** — אויף אַ פולע וואָך.

**וואָכעדיק** — 1) אַ וואָכעדיקער גאַנג.
(אַ זאַך, וואָס פּאַסירט זייער אָפט).
2) אַ וואָכעדיקער שלוש=סעודות
3) ווערן וואָכעדיק.

**וואַלגערן זיך** — 1) וואַלגערן זיך אונטער די פיס.
2) עס וואַלגערט זיך אין די גאַסן.
(עס איז דאָ זייער אַ סך).

**וואַלד** — 1) וואַלד איין, וואַלד אויס.
2) ס'איז ניט קיין וואַלד!

**וואָלוול** — 1) אַ וואָלוועלער פּריוואַריק!
2) וואָלוועלע געלט ביי אים!
3) וועלוועלער פּאַר באָרשטש.

**וואַנט** — די פיר ווענט.

**וואסער** — ס'איז רייסישע וואסער. (איראניש).

**וואקסן** — 1) ס'איז צו וואקסן און צו קוועלן.
(וואָס מען, אז מ'שנט אַן זייער אַ ברייטן בגד).
2) ס'וואקסט אונטער די הענט.
3) ס'וואקסט אָן רעגן.
4) ס'וואקסט ניט! (ס'קומט ניט אָן אזוי לייכט).
5) ניט אויף מיינע מיסט געוואקסן.
6) קיין גראָז וועט שוין ניט וואקסן.

**וואָרט** — 1) אַ וואָרט אָדער אַ באַקצאָן!
(וואָגט מען צו אַ מענטשן, פון וועלכן ס'איז שווער ארויסצוקריגן אַ וואָרט).
2) אויב דו האָסט ניט געהערט קיין גוט וואָרט.
(אַ הקדמה אויסצווידלען יענעם).
3) אַ קרומער וואָרט.
4) זאָגן צום וואָרט.

**וואַרטן** — 1) אויפגעלאָפן ווערן וואַרטנדיק.
2) וואַרטן אויף גליקן.
3) וואַרטן אויף דרך־ארץ.
4) וואַרטן אויף משיחן.
5) וואַרטן אויף קבר־אָבות.
6) וואַרטן ביז מאָרגן.
7) מ'שטייט און מ'וואַרט אויף אים!
(איראָניש).
8) ס'ט נאָך לאַנג וואַרטן!

**וואָר** — קיין וואָר וואָרט ניט.

**וואַרע** — ס'איז וואַרע יאַרע.
(דייטש—waare ד. ה.-שלעכטע סחורה).

**וואַרע** — מאַכן אַ וואַרע.

**וואַרפן** — 1) וואו מ'זאָל ניט וואַרפן מיט אַ שטיין וועט מען זיין געלט געפינען.
(געלט, חובות וכדומה).
2) וואַרף אים אַ הונט (אַ קאַץ) אין די אויגן! (איראָניש)
(וואָגט מען אויף אַן אומפאַרשעמטן מענטשן)



3) ס'וואַרפט אים איילנוויין.
4) ס'וואַרפט אים די ניכפע.
5) ס'וואַרפט אים היגטישע (די יאַריקע) קדחת.
6) ס'וואַרפט אים הענט און פיס.
7) קאַשע צו וואַרפן. (אַזוי ריין איז עס)

**וואַשן** — 1) די הענט ניט געוואַשן.
(דער אויבערשטער).
2) וואַשן די בייגדעלאַך.

**וויי** — ווינד און וויי.

**וויי טאָן** — ס'האָט אים קיינמאָל קיין פינגער ניט וויי געטאָן.

**ווייב** — מיין ווייב, מיין קו, מיין פערד און מיינע קינדער!
(פון אַ פּאָלקס אַנעקדאָט וועגן אַ ישובניק).

**ווייבל** — 1) אַ ווייבל אין אַ הייבל.
2) אַ ווייבל אַ קאָזאַק.
3) אַ ווייבעלע מיט אַ גלאַנץ.

**ווייזן** — 1) וואָס ווייזט איר די פוס פאַרן טיר?
(מ'מיינט—וואָס גייט איר ניט ווייטער).
2) ווייז אַ יידן אַ פינגער!..
3) ווייזן אַ קול.
4) ווייזן די אויגן.
5) ווייזן וואו אַ גוטער ייד וואוינט.
6) ווייז וואָס דו קענסט!
7) ווייזן ווער עלטער איז.
8) ווייזן פיינקייט.
9) ער ווייזט נאָך קיין „א" ניט.
(ער מאַכט נאָך קיין אָנהייב ניט).

**ווייכע** — קריגן פון אַ שטיין די ווייכע.
(אויף אַ קמצן, פון וועלכן מ'קען גאָרניסט באַקומען).

**וויייניק** — 1) די וועלט איז אים ווייניק!
2) דער שור־הבר איז אים ווייניק!

**ווייסל** — אַ ווייסל פון אויג!
(ד. ה.-אַ גנב. זע בער. „אַרויסגבענען).

**וויינען** — 1) וויינען אויפן בינטל יאָרן.
2) וויינען און קלאָגן.
3) ס׳וויינט אַ שטיין פון וואַנט.

**וויכטיק** — אַ וויכטיקע שמאַטע! (איראָניש)

**ווילדפלייש** — ס׳איז אויף אים אָנגעוואַקסן ווילדפלייש. (פאַר חוצפּה).

**ווינטשן** — 1) אַ יידן טאָר מען עס געוויס ניט ווינטשן!
2) אַ שלעכטן גוי ניט צו ווינטשן.
3) בעסער ווי געוואונטשן.
4) דעם גרעסטן שונא ניט צו ווינטשן.

**ווינציק** — ווינציק איז אַ שייגעץ!
(ווערטשפּיל—ווינציק און ווינציק אַ נאָמען פון אַ שייגעץ).

**וויסט** — אַ וויסטע אַלמנה.
אַ וויסטע כלה.

**וויסן** — 1) אַ פויגל טאָר פון דעם ניט וויסן.
2) אַ קינד אין וויג ווייס פון דעם!
3) גאָט ווייס! (איין גאָט ווייס, דער אייבערשטער ווייס, דער לעבעדיקער ווייס, גאָט דער לעבעדיקער ווייס):
4) דער גוטער יאָר ווייס אים!
5) דער שוואַרץ יאָר ווייס!
6) ווילסט וויסן, נעם אַ טוך און וויש!
(ווערטשפּיל — ווייס און וויש לויט דער אויסשפּראַך פון מאַנכע געגנטן אין דער ליטע)
7) וויסן אַ קרענק.
(דערפון שטאַמט דער באַקאַנטער אַנעקדאָט: ער איז אַ דאָקטאָר, ער ווייס אַ קרענק).
8) וויסן, וואו אַ טיר עפנט זיך.
9) וויסן, וואָס ס׳טוט זיך ביי יענעם אין טאָפּ.
10) וויסן מער פון אַ טויטן.
11) וויסן פּאַטשאָם פונט ליכאָ.



12) זאָל אַ חזיר וויסן, וואָס אַ הונט קען!
(מ׳זאָגט אויך פאַרקערט—זאָל אַ הונט וויסן, וואָס אַ חזיר קען).
13) ניט וויסן אויף וואָסער וועלט מ׳איז.
14) ניט וויסן וואו איין און וואו אויס.
15) ניט וויסן וואו מ׳ווערט איינגעזונקען.
16) ניט וויסן וואו מ׳קומט אַהין.
17) ניט וויסן וואו צו פאַלן.
(ד. ה.—וואוהין זיך צו ווענדן).
18) ניט וויסן ווי אַ גאָז אויסצושנייצן.
19) ניט וויסן ווי אַ קאַץ פון אויוון אַרויסצוטרייבן.
(ווער.—אַן עק צו פאַרבינדן).
20) ניט וויסן ווי דעם קאָפּ צו האַלטן.
21) ניט וויסן מיט וואָס מ׳עסט דאָס.
(ד. ה.—ווי זיך צו באַניין מיט דעם).
22) ניט וויסן פון בייז. (פון שלעכטס).
23) ניט וויסן פון דאַנען אַהין.
24) ניט וויסן פון דעם אייגענעם אייגנס
25) ניט וויסן פון וואָס צו זאָגן.

**וויק** — 1) פון אַ זוינע וויצן קען זיך די נשמה אַרויסגליטשן. (ווען מ׳דערציילט וויצן אָן טעם).
2) פון אַזוינע וויצן קען מען אָנהויבן צו שוויצן.

**וויקלקינד** — (איראָניש).

**ווישן** — וויש אים אויס די טרערן! (ווערים איך ווער אום ניט העלפן)

**ויאמר** — אינמיטן וַיאמֶר.

**ויברח** — מאַכן אַ ויברח (אַנטלויפן)

**ויהי** — ס׳איז אַ ויהי (אַ צרה).

**ויצעקו** — מאַכן אַ „ויצעקו"

**וועג** — 1) אַוועק אָן אַ וועג און אָן אַ שטעג.
2) ביים וועג.
3) ריידן פון וועג.

**וועגן** — וועגן די ווערטער.

**וועזן** — מאכן פון אלץ א וועזן. (א פירוש)

**וועלן** — 1) אזוי ווי איינער וויל ניט שטארבן.
2) ווי ער וויל זיך!
3) ווען ווילסטו — שוין, צי שפעטער? (איראָניש)
4) זאָג דריי מאָל, אַז דו ווילסט! (זאָגט מען צו דעם וואָס חיל עפּעס און פאַרדינט דאָס ניט)
5) — כ'וויל.
— א מכה פארן וועלן;
— צוויי פארן געבן!

**וועלער** — האָבן א גרויסן וועלער.

**וועלוול** — פעטער וועלוול. (אזוי האָט מען גערופן בשעתו דעם דייטשישן קיסער ווילהעלמען דעם צווייטן).

**וועלט** — 1) א וועלט מיט וועלטעלאך.
2) אויף וואָס די וועלט שטייט.
3) אי די וועלט אי יענע וועלט.
4) איינהאָוועגען (איינשלינגען) די וועלט
5) אין דער וועלט אריין.
6) א לעבעדיקע וועלט!
7) די אמתע וועלט. (יענער וועלט)
8) די ווייסע וועלט.
9) די וועלט מעג אונטערגיין!
10) וואו די וועלט האָט אן עק. (א ברעג
11) וואָס די וועלט האָט ניט געזען.
12) וויסן (קענען) א וועלט.
13) מער אויף יענער וועלט, ווי אויף דער וועלט.
14) ס'איז געוואָרן א וועלט, אַז בערג האָבן זיך צעלייגט איך סמערק האָבן זיך צעשטעלט.
15) ס'איז מיט אים א גאנצע וועלט.
16) ס'וועט חערן א וועלט.
17) פאר דער וועלט. (פאר לייטן).
18) פארנעמען א וועלט.
19) קערן וועלטן. (ס'קערט זיך א וועלט;).

**ווער** — 1) ווער? — דער „ווער" אליין.
2) ווער? — לעקיש דער בער, דיינער א שווער! (א שפּאָס ענטפער).

**ווערט זיין** — 1) וואָס א האָר איז ווערט.
2) ס'איז ווערט גאָר דאָס געלט.
3) ס'איז ווערט געלט! (איראָניש)
4) ס'איז ווערט דיין געלט!
5) ס'איז ווערט א ציבעלע. (אשפּיי, א שאָס (א שעסקע), פּול-חער, א שמעק טאבאק, אן איי, נעבלאָזענע איי).
6) ניט ווערט וואָס די ערד טראָגט אים.
7) ניט ווערט קיין גוט וואָרט. (קיין פּיאטאקל, קיין צוויי פּויאַס, קיין בלייער, יענעמס נאָגל).

**ווערן** — 1) ווערן ברייטער ווי לענגער (פון שׂמחה)
2) ניט ווערן פון אונטער די הענט.
3) ער איז געוואָרן א ברעג — אן עק. (דאָס חערטל האָט 2 באַדייטונגען. 1) ס'איז פון אים נאָרניט געוואָרן, 2) ער שטייט פון חייטן)

# ז.

**זאָגן** — 1) א (קליין) ווערטעלע צו זאָגן!
2) ווי די ווייבער זאָגן.
3) ווי די וועלט זאָגט.
4) וואָס זאָגט איר צו זייבע יאָרן? (וואָר.—אויף זיין קאָפּ! אויף זיין טאַטן?)
5) מער ווי דאָס קען זי ניט זאָגן.

1577

1596

**זאָגן** — 6) עס האָט וואָס צו זאָגן.

**זאַט** — איך בין פון דעם ניט זאַט.

**זאַלץ** — ער האָט דאָרט קיין טון זאַלץ ניט אויפגעגעסן.
(ס׳איז אים דאָרט געווען ווייער שלעכט).

**זדראַוו** — אַבי יאַ זדראַוו.
(ד. ה.—אַבי איך בין געזונט, אַבי מיר שאַדט ניט).

**זוואַניע** — זיין זוואַניע זאָל זיך ניט געפינען!

**זוכן** — 1) וואַרפן ברויט און זוכן ברעקלאַך.
(וואָר. בער. „זוכן" נומ׳ 3).
2) זוכן און זיפן.
3) זוכן פון אַ פאַרברענטן פערד די פּאָדקעוועס.
4) זוכן אַ גרויפּ. (אין שיטערע זופּ).

**זופּע** — זופּע די קרופּע, קריגע די קראַפּט.

**זיבן** — אַלע זיבן זאַכן.

**זידן** — עס זידט אין מיר די בלוט.

**זייד** — (ד. ה.—אַ נאַרער, אַ ווייבער).

**זייט** — האָבן עמיצן ביים זייט.

**זיין** — ניט נעכטן איז ער געווען, ניט מאָרגן וועט ער ווידער זיין.

**זיינע** — די העמד איז ניט זיינע.
(ד. ה.—ער איז אַ גרויסער בעל-חוב).

**זֵכֶר** — 1) איבערלאָזן אַ זכר.
2) זכר לטיט (זכר לחורבן).
3) קיין זכר וועט ניט בלייבן.

**זָכָר** — איין זכר אין מאָסקווע! (איראָניש).

**זכות** — ס׳האָט זיך דערוועקט אַ זכות.

**זכיה** — האָבן אַ זכיה.

**זען** — 1) איבער די אויגן זעט ער ניט.
2) דאָס וואָס איר זעט.
3) זע מיך און נעם מיך.
4) ניטאָ וואָס צו זען!

**זשמורקעס** — שפּילן אין זשמורקעס. (טאָן אַ זאַך אין דער פינסטער).

**זײַען** — מ׳זייט שוין אָפּ די שיטערע.
(ד. ה. ס׳איז שוין זייער שלעכט).

**זייפן** — זייפן אַ מוח.

**זיך** — זיין מיט זיך פון איין שטעטל.

**זיכער** — 1) זיכער מיטן טויט!
2) חיות ניט זיכער! (ניט זיכער מיטן לעבן)

**זינגען** — האָבן צו זינגען און צו זאָגן.

**זינד** – פאַר מיינע זינד וואָלט איך דאָס ניט געטאָן׳

**זינדיקן** — 1) מ׳זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד!
2) מ׳טאָר ניט זינדיקן!
3) ניט צו פאַרזינדיקן!

# ח.

**חבר** — 1) זיין מיט עמיצן חבר-באַווער.
(וואָר.—חבר-לאַווער, חבר-לאַפּ).
2) ער איז אַ חבר פון ביוראָ.
(שטאַמט פון יאָר 1905 אין רוסלאַנד ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן ברייט צו אַנטוויקלען די פּראָפעסיאָנעלע-פאַראיינען).

**חברה** — ווייסע חברה.

**חברותא** — מיינע, דיינע—חברותא!

1616

**חדר** — 1) פירן יענעם אין חדר אַריין.
2) ער איז מיט אים פון איין חדר!

**חד גדיא** 1) אַ גאַנצע חד-גדיא (וואָר. אַ גאַנצע ציקעלע)
2) דריי מיר ניט קיין קאָפּ מיט דיינע חד-גדיות!
3) פאַרזעצן אין חד-גדיא.
(אין טורמע, שפּאַסיק).

**חוזק** — מאַכן פון יענעם חוזק.

1643

חוֹלם — חולם נאָז—ני (פאַראָדיע).

חוֹלה (זיין) — ער איז ניט חולה! (קראַנק)

חוֹל־המוֹעד — חול המועד שבועות! (שפּאַס)

חוּמש — חומש—ניע אומיש, רשי—ניע נאַשע, גמרא—ניע נאָרע.

ניע אמיש—קענסטו ניט!

ניע נאַשע—ניט אַ מערע!

ניע נאָרע—ווילסטו ניט.

(אויף אַ פוילן תלמיד, וואָס נעמינט אויף אַלין תירוצים).

חוּץ — חוץ שבתים, ימים־טובים און גוישקע חגאות. (װאָגט מען אויף דעם, וואָס האַלט זיך יונגער ווי ער איז).

חוּצפּה — אַ חוצפּה פון אַ מויד, ביי אַ ליטוואַק קויפט זי חלה!

חוּרבן — 1) אַ חורבן איז מיר! (ווי־געשריי)

2) אָנמאַכן אַ חורבן.

3) חורבן בית המקדש איז דאָרט געווען.

4) צרות מיט חורבונות.

חזיר — זיין פון די ענגלישע חזרים.

חזיר־שמאַל — (אויף ווייער אַ שמוציקן אָרט).

חזק — חזק חזק—דער קוגל איז געשמאַק.

חזרה — געבן חזרה. (אָפּענטפערן).

חָטאתי — שלאָגן זיך „חטאתי”.

חזן — זיין חזן. (ויין פאַרלוירן).

חי — 1) חי — געלעבט.

2) חי מאָל חי.

3) חי ק״ק סערעבראָם.

חיבוּט הקבר — קיין חיבוט הקבר וועט ער שוין ניט דאַרפן ליידן.

(אָפּקומען, אַזוי שלעכט איז אים).

חילוּל השם — אַ חילול־השם פאַר די גוים.

חכם — 1) אַ חכם פון דער הגדה.

(זאָר. בער. „חכם” 2)

2) חכם בלילה.

חכמה — 1) אַ הונט האָט געזאָגט אַזאַ חכמה, איז ער שוין לאַנג געפּגרט.

2) איינמאָל אַ חכמה! (ביים איבערחזרן זיך)

3) חכמות אָן אַ ייט!

חלה — 1) וואָס ווילסטו — חלה מיט קעז, צי חלה אָן קעז?

(פון אַ פּאַרקס־טעשחלע, אויסערעדט — באַלעבאַטישקעס און באַלעגאָלקעס).

2) ס'וועט ניט קלעקען די חלה אויף המוציא. (זאָר. בער. „חלה” 2)

חלום — 1) האָסט דאָס אין חלום ניט געזען!

2) זען אַ גוטן חלום.

3) ס'חלומט זיך אים (ס'מילט זיך אים).

חליפּושניק — (פאַרגריזוט פון חניפושניק, אינטערלעקער)

חלף — מיטן חלף (צושטיין) צום האַלדז.

# ט.

טאָג — 1) אַ בליאַסק אויף טאָג.

2) אַ בראַזג אויף טאָג.

3) אַ טאָג פון גאָט.

[illegible] אינמיטן העלן טאָג.

5) אַ שטיק אויף טאָג.

6) אַ שפּראָץ אויף טאָג.

7) אַ טאָג־אַ יאָר.

8) ביזן ווייסן טאָג.

9) גוטער טאָג.
10) גרויסער טאָג.
11) האַלבער טאָג.
12) ס'שטייט אָן אויף אים דער טאָג.

**טאָגן** — אין שגיפישאָק טאָגט שוין!
(איראָניש. שניפישאָק – אין ווילנע. וואר. בער).

**טאָגן** — עס טאָגט שוין! (ס'גייט אויס).

**טאַטע** — 1) אַ טאַטע פון קינדער.
(שוין ניט קיין יונגעל'ע)
2) טאַטע אין הימל!
3) טאַטע=מאַמע, כאַפּ די קאַץ.
(אזוי לאַכן די ליטוואַקעס פון די אַרעסער, וואָס ריידן מיטן קמץ).
4) טאַטע=פאָטער!
5) ניטאָ קיין טאַטע! (ניטאָ קיין באַלעבאָס, קיינער רופט זיך ניט אָפּ).

**טאָוול** — פון טאָוול ביז טאָוול.

**טאַמער** — טאַמער איז געווען אַ יידענע, איז זי שוין לאַנג געשטאָרבן.
(וואר. בער. — „טאַמער" — קאָרטשפּיל צווישן טאַמער און תּמר)

**טאָן** — 1) געריעדט און געטאָן.
2) טאָן צום טויט.

**טאַנדעט** — מאַכן טאַנדעט. (אָפּפּטרן כּלאחר=יד)

**טאַנץ** — האָבן אַ טאַנץ (מ'מיינט — אַ פאַרדרייעניש).

**טאַנצן** — 1) אזוי ווי מיר ווילט זיך טאַנצן!
2) טאַנצן אויף פרעמדע חתונות.
3) טאַנצן אויף צוויי חתונות.
4) טאַנצן אין די גאַסן. (פאַר שימחה).

**טאַפּן** — 1) אַ טאַפּ אין וואָגן.
2) טאַפּן די ווענט. (ד. ה. — זוכן אין דער פינסטער. אַן אַנדער זין: ער טאַפּט אַ וואַנט — הייסט — ער האָט צרות ס'איז אים שלעכט).
3) טאַפּן די מערכה.



**טאָרבע** — 1) ברענגען (טרייבן) צום טאָרבע.
2) גיין מיט דער טאָרבע.
3) טאָרבע! (אָרימאַן)
4) טראָגן אַ זיידענע טאָרבע.
(אויף אַ יורד)
5) נעמען זיך פאַר דער טאָרבע.

**טביעת=עין** — אַ טביעת=עין פון אַ תּלמיד=חכם!

**טובה** — 1) אַ טובה מיט אַ גמילות=חסד. (איראָניש)
2) כ'וועל דיר טאָן אַ טובה מיט אַ ת.

**טובל זיין** — טובל זיין די נשמה.

**טוב ותיקלא!** — (שפּאַסיק—וויער נעט)

**טויגן** — 1) וואָס טויג מיר דיין האַ?
2) טויגן אויפן פייער.
3) טויגן אויף צען (מ'מיינט–אויף צען כּפּרות)
4) טויגן אויף צרות.
5) טויגן אין דר'ערד.
6) טויגן אין קאָפּ צו שיסן.
(וואר. — צו געבן).
7) טויגן צום עסק.

**טויז** — אַ טויז פּאַסט. (אַ קאָרטנהערטל, קאָרטשפּיל פון פּאַסן – טויזן און פּאַסן–קאָרטן=טערמין).

**טויט** — 1) אַ מינוט צום טויט. (וואר.-צום חלשן).
2) דער טויט איז פאַר אים ווייניק.
3) האָבן דעם טויט פון איינעם.
4) טויט מיט די ביינער. (וויער שלעכט)
5) מאַכן אַ ציגענעם טויט.
(וואר. - אַ ציגענע פּגירה, שפּאַס).
6) מאַכן דעם טויט.
7) ס'ליגט אים דער טויט אויפן נאָז.

**טויטן** — זיך טויטן=נויטן. (ד. ה. אָנשטרענגען זיך)

**טיטום** — זיין אַ טיטוס. (אַ רשע)

**טייוול** — דער טייוול ווייס!

**טייטן** — טייטן מיט די פינגער.

**טיילן זיך** — טיילן זיך מיטן ביסן.
(וואר. – מיטן לעצטן ביסן)

**טייער** — טייערער פאַר געלט איז דאָס נאָט.

טיר — ניט וויסן וואו א טיר צו עפענען.

**טעות** — 1) א טעות אין חשבון.

2) א טעות אין פשט.

**טעכערן** — (שטשאבען, נייען אויף טאנדעט; אויך אין איבערגעטראגענעם זין).

**טעם** — 1) דער באבעס טעם. (אן א טעם).

2) טעם גן עדן.

3) טעם פון טויט.

4) ס'האט א טעם פון מיינע צרות.

5) פילן א טעם.

**טענה'לען זיך** — (ד. ה. — ארומטראגן זיך).

**טענה** — 1) האסטו א טענה!

2) טענה צו גאט! (וואר.—צום לעמפ!).

**טענהן** — טענהן פון היינט ביז מארגן.

**טראגן** — 1) טראגן אויף די הענט.

2) טראגן אנטקעגן.

3) מ'חעט אים טראגן אין ליילעכער.

(ד. ה. הרגענען. מ'זאגט אויך „ויקלען", „קייקלען").

4) עס טראגט אים דער קאפ.

**טראגעדיק** - מאכן טראגעדיק. (דערנעמען מיט רייר).

**טראפן** — ביטערער טראפן.

**טרויען** — 1) ניט טרויען זיך אליין.

2) ניט טרויען פון דאנענט אהין.

3) ניט טרויען פון האנט.

**טרויערקייט** — מיט טרויערקייט.

(ד. ה.—מיט צרות, מיט מאטערניש)

**טרונק** — 1) ס'איז פאר אים א טרונק. (שלעכט)

2) ס'איז אים געווארן פון א קאלטן טרונק! (איראניש. מ'מיינט צו זאגן, או פון העלער הויט ווערט קיין זאך ניט.

1768

3) שטיין אין וואסער און בעטן א טרונק.

**טריט** — א טריט - א שיט. (באה יעדער קלייניקייט-אפגילטן)

**טרייבן** — טרייבן קאטאוועס.

**טרייסלען זיך** — ס'טרייסלט זיך ביי אים דער פופיק. (ד. ה. ער ציטערט)

**טרייף** — טרייף פסול.

**טרינקען** — 1) בראנפן מוז מען טרינקען. (מ'זאגט דאס חערטל מיטן טראפ אויפן מוז און לייענען דארף מען דאס מיטן טראפ אויפן „טרינקען")

2) כ'האב נאך היינט קיין בראנפן ניט געטרונקען!

(איך רייד צו דער זאך).

3) ערשטנס טרינק איך ניט, צווייטנס האב איך שוין געטרונקען, דריטנס — ווייזט א גלעזעלע

(פון א פאלקס אנעקדאט).

**טרענען** — טרענען די אדערן.

(ד. ה. — שטארק צושטיין).

**טרעפן** — 1) געטראפן די ריכטיקע קרעטשמע!

2) געטראפן דעם ארט! (איראניש)

3) טרעפן אין פינטל אריין!

**טרעפן** — ס'טרעפט איינמאל אין א פורים.

(שטאמט פון פאלקס-אנעקדאט)

**טרפות** — 1) ס'איז ווערט אויף טרפות.

2) קוילען אויף טרפות.

(ד. ה.—מ'וועט שוין דערפון ווייניק האבן)

**טשאק** — מיטן גאנצן טשאק.

1770

**י.**

יאַ־וואָרט — געבן אַ יאָ־וואָרט.
(אָנגעמען דעם פאָרלאָג ווען חתונה האָבן).

יאַודע — כאַפּן אַ יאַודע.

יאַט — (אַ יונג מיט ביינער).

יאַ טעבע דאַם — אַ גאַנצער „יאַ טעבע דאַם".

יאָך — 1) אַ יאָך אויפן קאָפּ.
2) שלעפּן דעם יאָך.

יאַכלוהו — ס׳איז—יאַכלוהו. (ד. ה.-פאַרפאַלן).

יאַכנע — באָבע יאַכנע.

יאַלד — אַ יאָלד אין קאַפּעלוש.

יאָר — 1) אויף קורצע יאָר.
2) אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך.
3) איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר!
4) אַ קלאָג צו די יאָרן! (אַז אָך און וויי).
5) אַ שאָק מיט יאָרן. (זיך ניט נעווען).
6) געקאָנטשעט די זיבעציק יאָר.
7) די יאָרן די גוטע.
חאָר. גוטע יאָרן! (איראָניש).
8) האָבן אָפּגעשניטענע (אָפּגעריסענע) יאָרן.
9) האָבן גוטע יאָר.
10) האָבן קורצע יאָר.

יבא־יומו — עס וועט קומען זיין „יבא יומו".

יד — 1) געבן אין יד אריין.
2) האָבן אַ יד. (נעמען אָן אָנטייל).

יד אחת — מאַכן יד־אַחת.

יובל — איינמאָל אין אַ יובל. (אין אַ שמיטה)

יוצא (זיין) — 1) אַבי יוצא זיין.
2) יוצא זיין לכל הדעות.
3) יוצא זיין פאַר לייטן.
4) פון יוצא וועגן.

יושר — 1) אַז דו האָסט ניט קיין יושר,
טאָ גיי דאַוונען מנחה!
2) קאַזאַצקער יושר.

1809

יוגנט — 1) אַ בלוט־יוגנט! (וייער אַ יונגע פרוי).
2) אַ סטאַלנער יוגנט.
(אויף אַן עלטערן מענטשן, וואָס האַלט זיך אָדער מאַכט זיך פאַר יונג).

יוכע — פאַרקאָכטע יוכע.
(די יוכע האָט זיך אין אים צעקאָכט).

יומם ולילה — (טאָג און נאַכט, שטענדיק).

יום־טוב — 1) אָט האָסטו דיר די אַנדערע טעג יום־טוב!
2) ס׳איז יום־טוב בייטאָג!

יווָנישע — יווָנישע קאָפּ!

יוצרות — קעלבערנע יוצרות!

יונג — 1) אַ יונג מיט ביינער.
2) אַ יונג מיט שפּאָרן.
3) אַ כוואַט אַ יונג!

יונגער — יונגער ביין. (וואר. בוים).

יורקע — (ווידלנאָמען-פויער).

יחוס — 1) וואָס איז מיט אים דער יחוס!
2) צעבער יחוס, אָן אַ דעק, אָן אַ רייף!

יחסן — אַ יחסן, ניט דורכצובלאָזן.

יחסנטע — פייגעלע די יחסנטע!
(ניט באַרעכטיקטער יחוס).

ייד — 1) אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר!
2) ווייז (ניב) אַ יידן אַ פינגער!

יידינע — זיי ניט קיין יידינע!

יידישקייט — דריי מאָל יידישקייט!

יידישע — 1) אַ יידישער גזלן! (איראָניש).
2) יידישע נאַטור!
(אין דעם זין אַ שלעכטע נאַטור).
3) יידישע פּאַטשט!
(איראָניש. דאָס ווערטל איז אַ זכר פון יענע אַלטע צייטן ווען טשפּעלעט־שקן בריוו דורך די יידישע בעלי־עגלות, וועלכע פלעגן זיך ניט איילן איבער־צוגעבן די בריוו).
4) אַ יידישער קאָפּ.

1884

ײנגל — זײ ניט קײן ײנגל!

יעלה — מאַכן אַ יעלה.

יענטע — אַ יענטע! (אַ ײדינע!)

יצר־הרע — אַ שטאַרקער יצר=הרע!

(וואַר.-און אײזערנער, אַ קופּערנער).

יראת־שמים — יראת־שמים=פּנים.

(נעמאַכטע פֿרומקײט).

יריד — מיט אײן... אויף צען ירידן.

ירקות — מיט שאָר ירקות.

יתום — אַ פּאָר הויזן פֿאַר אַ יתום!

(שטאַמט פֿון אַ פֿאָלקס=אַנעקדאָט).

## כּ.

כָּבוד — מיטן שענסטן כבוד!

כּיבּוד — אַ גוטער גאַסט אויף טרוקענע כּיבוד.

(אַזוי זאָגט מען צו אַ גאַסט, וואָס זאָגט זיך אָפּ פֿון כּיבּוד).

כּהן — כּהן מאַכט: כּעסן, הונט, נאַר.

כּלי — 1) אַרויס פֿון די כּלים!

2) ס׳איז אַ כּלי!

3) שברי=כּלי.

כּלה — 1) איז יאַכע ניט קײן כּלה!

(שטאַמט פֿון אַ פֿאָלקס=אַנעקדאָט. ד. ה.— איז ניט ווי מ׳האָט געמײנט. פֿאַרגלײך מיט: „איז ניט געפֿידלט״).

2) נעם די כּלה און דרײ זיך!

(שטאַמט פֿון אַ פֿאָלקס-אַנעקדאָט. ד. ה.— טו וואָס דו ווילסט. פֿאַרגלײך מיט: „נאַ דיר די בײטל און פֿיר דו די הוצאה!)

כּלה־באַנק — זיצן אין כּלה=באַנק.

(ד. ה.-אויבנאָן).

כּלל — זײן פֿאַר יענעם גאָר אַ כּלל!

כּל־ישׂראל — כּל ישׂראל אין אײן קלומפּ.

כּעס — 1) אַ כּעס אויף אים!

2) װעסטו זײן אין כּעס, װעסטו טרינקען קוואַס!

1861

כּפּרה — 1) אַ כּפּרה=הינדל. (אַ שעיר-לעזאזל).

2) אַ כּפּרה... פֿאַר...

3) אָפּשלאָגן כּפּרות!

(מאַכן אַ סוף).

4) אַ שײנע רײנע כּפּרה!

5) װערן אַ כּפּרה! (קללה).

6) זײן פֿאַר יענעם די כּפּרה.

(ד. ה.-זײער איבערנעמען).

7) טויגן אויף כּפּרות.

(וואַר. אויף צען כּפּרות, אויף צען, אויף צען טויזנט כּפּרות, אויף צען טיסיאַצי כּפּרות).

כּפתּור ופרח — (אין דעם זין—גוט).

כּשר — 1) חזיר=פּיסל כּשר.

2) כּשרע האַלדז.

3) כּשר ויָשר.

4) כּשר=טאַנץ.

5) כּשרער ײד.

6) כּשרע כּלי.

7) כּשרע נשמה.

8) כּשרע בהמה.

9) כּשר פֿאַרדינט.

10) כּשרער פּסח.

11) ס׳וועט זײן כּשר! (גוט).

1874

## כ.

**כאַפּן** — 1) געכאַפּט אין דער מעשה.
2) כאַפּ איך, כאַפּ דו.
(אז עס גייט אין כאַפּעניש).
3) כאַפּ=לאַפּ.
4) כאַפּ מיינע (ווײנע) קאַטשקעס אויפן וואסער! (טו מיר עפּעס!)
5) ער כאַפּט ניט קיין בייגל פון מולטער.

**כאַפּעניש** — ס'גייט אין כאַפּעניש.

---

## ל.

**לא** — לא מיט אַ בראָליוועקע.
(וואר.—לא מיט אַ ספּאָדיק, פּאראָדיע: פון „לא מיט אַן אלף").

**לאַטע** — אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.

**לאַך** — 1) אַ לאַך אין קעשענע!
(ד. ה.—אַ פּוסטע קעשענע!)
2) אַ לאַך אין שטעטל!
(איראָניש, ווען ס'פעלט אוים עפּעס, אָן וואָס מ'קען זיך באַגיין).
3) מאַכן אַ לאַך אין קאָפּ. (אין הארצן).

**לאַכן** — 1) איך לאַך ניט!
2) איר לאַכט? (איר מיינט ניט ערנסט).
3) אָן אַ געלעכטער!
4) בלייבן אָן זייטן (אָן קישקעס) לאַכנדיק.
5) לאַכן אין די הויפּנס.
6) לאַכסט דאָס!
7) לאַכן מיט יאַשטשערקעס.
(וואר.—מיט קרעטענעס).
8) לאַכן פון יענעמס קאָפּ.
(וואר.—הינטלע, יארכגלקע).
9) ניטאָ ווער עס זאָל לאַכן.

**לאַנג** — 1) אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט...
(ווערט געברויכט אין מעשיות).
2) אַ לאַנגע צונג.

1893

3) דער מיטוואָך איז לענגער פאַרן דאָנערשטיק.
4) לאַנגע הענט.
5) ניט לענגער זאָל זיין דער יידישער גלות!
(פאַרגלייך מיט: לאַנג ווי דער יודישער גלות)

**לאַנד** — לאַנד און לייט.

**לאָקשן** — הייסע לאָקשן.

**להבדיל** — 1) להבדיל אלף־אלפי הבדלות.
2) ס'איז קיין להבדיל ניט צו זאָגן.

**להכעים** — משונה צו להכעים.

**לטרע** — (שיכור; פון „לויט").

**לופטערן** — לופטערן די שפראַך.

**לויבן** — 1) לויבן אין טאָג אַריין.
2) צערייסן זיך לויבנדיק.

**לויפן** — 1) לויפן אָן אָטעם.
2) לויף און פריי זיך!
(וואָס דער קרעמער, ווען ער פאַרקויפט אַ סחורה אַ נאַאיוון קונד).

**לונג** — 1) אַ לונג און לעבער אויפן נאָז. (שפּאַס)
2) אַ קאַלטער לונג און לעבער

**לחיים** — מאַכן לחיים.

1913

לחמא עניא — הא לחמא עניא—די קאץ איז געגאנגען אין שפאניע.

ליב — 1) ווי דאס לעבן איז דיר ליב!
2) ניט ליב דאס לעבן.

לייב — מיט לייב און לעבן.

ליגן — 1) זאל ליגן, עסן בעט דאס ניט!
2) ליגן אין אבעלעס קרענק.
3) ליגן אין דער אדמה. (ווער.-אין ארצה).
4) ליגן שוין מיט די פיס צו דער טיר. (אויף א בר מנן).
5) ליגן שוין מיטן פופיק ארויף. (ד. ה.-זיין שוין טויט).
6) ס'ליגט אים אין דער לינקער פאה (ווער.-פיאטע) ניט!

ליגן — א ליגן זאגן פון שלום-בית וועגן.

לייגן — לייגן די ציינער אויף דער פאליצע.

לייגן זיך — 1) לייגן זיך אין דער לענג און אין דער ברייט.
2) ס'לייגט זיך אופן שכל.

ליד — האבן געבראטענע לייד.

ליידיק — ליידיק און לייז.

לייזן — לייזן א כיבוד.

לייט — 1) א שיינער (א פיינער) לייט.
2) א לייט א קייסער, א פארך א גרויסער.

ליימענער — ליימענע הענט.

לייצעס — 1) אפלאזן די לייצעס.
2) האלטן די לייצעס.

לייקענען — 1) לייקענען שטיין און ביין.
2) קיינמאל ניט לייקענען און קיינמאל ניט אוועקגעבן.

ליכטיק — 1) ליכטיק אין אלע ווינקעלאך.
2) ליכטיק—פערל צו קלייבן.
3) ס'איז צו ליכטיק!

לינק — 1) לינקע סחורה (ד. ה.-גענבעטע).
2) מאכן לינק. (באהאלטן גענבעטע זאכן).



למדן — מאכן פאר א למדן. (באגנבענען).

למד-וואוו-ניק — (איינער פון די 36 צדיקים, וואס יעדער דור מוז האבן און אן ווי קען די וועלט קיין קיום ניט האבן (לויט דער פאלקס-לעגענדע)

לעבן — 1) געבן א לעב.
2) ווער זאל אזוי לעבן? (ווערט געברויכט אפטמאל אן דאס ווארט „לעבן”).
3) לעבן הונדערט מיט צוואנציק יאר.
4) לעבן מיט ניסים.
5) לעבן סוועגטים דוכאם.
6) לעבן פון די טעג. (וואר.-לעבן א טאג).
7) לעבן פון די פינף פינגער.
3) לעבן פון האנט אין מויל.
9) צייט איך לעב, צייט איך שטיי אויף מיינע פיס! (ווערט געברויכט באזונדער און צוזאמען, ווען מ'וואונדערט זיך ווייטער אויף עפעס).

לעבן — 1) א געמאטערטער לעבן.
2) א הינטיש לעבן.
3) בעט א קאפיקע פאר אזא לעבן.
4) ס'גייט אין לעבן.

לעבעדיק — 1) ווערן א לעבעדיקער.
2) ניט טויט ניט לעבעדיק.

לעק — א לעק, א שמעק.

לעקן — 1) וועסט קיין האניק ניט לעקן!
2) לעקן די פינגער. (פון הנאה).

לערנען — 1) לערנען א פלאקן טאנצן!
2) לערן די באבען זינגען!

לשון — 1) ריידן אויף שטום-לשון.
2) מבין בלשון.

לעולם תיקח — לעולם תיקח-אז מע גיט מיר, פיק איך.

## מ.

**מאָגן** — 1) מיין מאָגן קען דאָס ניט פאַרטראָגן.
2) ס'ליגט אין מאָגן. (ס'פאַרנעמט זיך ניט).
3) ס'לייגט זיך שווער אין מאָגן.

**מאָדע** — אַרויס פון דער מאָדע.
(וואר.-אויס מאָדע).

**מאַטערן זיך** — 1) מאַטערן זיך מיטן טויט.
2) מיין געלט מאַטערט זיך!
(ד. ה.—ס'איז אין סכנה).

**מאַכן** — 1) וואָס מאַכט איר אַ חוץ געזונט?
(קאַטאָוועס).
2)—וואָס מאַכט איר?
—פון אַ לעבל אַן אקרייטשיק.
(וואר.—פון ברויט שטאָפּקעס).
3) וואָס מאַכט מען? — מע שמאַכט.
4) וואָס מאַכט ער?—ער האָט שוין אָפּגעמאַכט!.. (געשטאָרבן).
5) כ'וועל לאָזן מאַכן! (איראָניש).
6) מאַכן אַש.
(וואר.—מאַכן אַש און בלאָטע, צו קויט און צו בלאָטע).
7) מאַכן יענעם אויסצודרייען.
8) מאַכן יענעם קיילעכדיק. (אָפּטאָלירן).
9) מאַכן יענעם קעלביק.
(דערניין יענעם ביזן ביין).
10) מאַכן פון יענעם אַ באַרג אַש.
11) מאַכן פון אַ שטיין אַ גראָשן.
12) מאַכן פון יענעם אַ דריטע געריכט.
13) מאַכן פון עפּעס אַ חזירשע פּוס.
(ד. ה.—פאַרפּאַטשקען עפּעס).

**מאָנעניש** — ס'וועט זיין די לאַנגע מאָנעניש.

**מאַסטערסקאַיע** — אַ מאַסטערסקאַיע אויף רעדלאַך!

**מאָרגן** — 1) מאָרגן ניט היינט
2) מאָרגן טו איך דאָס! (איראָניש).
3) ניט היינט און ניט מאָרגן.
4) אויף מאָרגן מיט אַן איי.

1992

**מאָל** — ניט האָבן אויפן מאָל. (אָפּצוּעסן).

**מאַרציפּאַנעס** — (אויסערגעוויינטלאַכער מאכל).

**מאַרק** — איר האָט געהאַט מסתמא אַ גוטן מאַרק!
(זאָגט מען צו אַ יידן, וואָס טראָגט די היטל אויף אַ זייט).

**מבוי** — מבוי, מבוי לאָקשן! (זע בער. „מבוי").

**מבריע** — מאַכן מבריע.
(אַראָפּגעבעגען פון שטאָף וכדומה).

**מאַכער** — אַ גאַנצער מאַכער.

**מאַמע** — 1) ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט.
2) מאַכן אין דער מאַמען אַריין.
(וואר.—דערמאָנען די מאַמע).

**מגע-ומשא** — ניט האָבן מיט עמיצן קיין מגע-ומשא.

**מגילה** — אַ לאַנגע (אַ גאַנצע) מגילה.

**מוח** — 1) אַן אָפּענער מוח. (וייער פעאיק).
2) דרייען אַ מוח.
3) שפּאַלטן דעם מוח. (וואר.-פּלעטן).

**מוחל זיין** — זאָל ער מיר מוחל זיין.

**מוחל-עוונות** — (אויף אַ גלח).

**מוטער** — מוטער, מוטער, די קאַץ לעקט די פּוטער!
(שטאַמט פון אַ אַנעקדאָט. אַ „קלוגע" טאָכטער האָט אַמאָל דערזען, ווי אַ קאַץ לעקט די פּוטער, אָנשטאָט אַוועקצוטרייבן די קאַץ, האָט די טאָכטער אָנגעהויבן צו שרייען: „מוטער, מוטער"! זי האָט אַזוי לאַנג געשריען, ביז וואַנען די קאַץ האָט אויפגעגעסן די פּוטער.
דאָס ווערטל באַנוצן אויך קינדער, ווען זיי לאַכן אָפּ פון זייערע חברים, וואָס זאָגן „מוטער" אָנשטאָט „מאַמע").

2008

**מויד** — 1) אַ מויד מיט אַ באָרד.
(אויף אַ מאַנסביל, וואָס טוט - ווייבערשע אַרבעט).
2) אַן אָרימע מויד ליגט אין קינפּעט!
(איראָנישע באַדויערונג).

**מויל** — 1) אַ גרויסער מויל.
2) אַ מויל—אַ בריטאָן. (אַ בריטאַנסקער).
3) אַ מויל אויף שרויפן.
4) בּלעמס מויל.
5) וואָס אַ מויל קאָן ריידן.
6) מאַכן פון אַ מויל אַ כאַלאַווע.
7) ער האָט נאָך נעבאָך אין מיין מויל ניט געהאַט! (איראָניש).
8) פון דיין מויל אין גאָטס אויערן!

**מולירן** — 1) מולירן די באָבען.
2) מולירן די ציינער.

**מוסר** — אַ מוסר זיך אַראָפּצונעמען!

**מופקר** — (אַ צעלאָזן שלעכט קינד).

**מוק** — זיין אַ מוק. (צושטין, דערעסט).

**מורא** — אַ בייזע מורא אויף אים!

**מורא האָבן** — זאָל איך אַזוי מורא האָבן פאַר אים טויטערהייט, ווי איך האָב מורא פאַר אים לעבעדיקערהייט!

**מורינו** — דערזועלבער „מורינו".
(ד. ה.—דערוועלבער יחסן, אויסגערעדט—„מאַריינו".)

**מוזה** — זי איז אַ מוזה.
(ד. ה.—ווייער אויסגעלאַסן, אלע קושן זי).

**מזל** — 1) טרייפענער מזל.
2) גוישקער מזל.
3) האָבן מזל.
4) הינטישער מזל.
5) זיין מזל אויף שטיינער געזאָגט!
6) ניט קיין יידישער מזל!

**מזל.ברכה** — ס׳איז אַריין די מזל-ברכה.



**מחותן** — 1) אַ נאָענטער מחותן.
(ווי מיר ניט קיין צו נאָענטע מחותן).
2) ער איז אַ מחותנס אַ הונט.
(ד. ה.—אַ קנאַפּער מחותן).
3) ער איז מיט מיר קיין מחותן ניט.

**מחזקה** — מאַכן מחזקות. (וואר.—שהיות).

**מחיה** — אַ מחיה! (ווייער גוט).

**מטבע** — 1) אַ גראָבע מטבע. (אַ סך געלט).
2) אַ פאַלשע מטבע.
(אויף אַ פאַלשן מענטשן).

**מטריח זיין** — מטריח זיין דעם עלטער.

**מיאוס** — 1) אַ מיאוסע מעשה.
2) אַ מיאוסער נאָמען.
3) אַ מיאוסער סוף!
4) אַ מיאוסע סיבה.
5) מיאוס—חלשות!
6) מיאוסע העוויות.
7) מיאוסקייט (אַ שריי).
8) ס׳איז מיאוס און מאוס געוואָרן.

**מיטנעמען** — מ׳נעמט קיין זאַך ניט מיט.
(אויף יענער וועלט).

**מיטאַמאַל** — מיטאַמאַל געלט.
(איראָניש, ווען מ׳גיט אַ קליינע סומע).

**מיין** — 1) מיינע—דיינע.
2) ס׳איז ניט מיין ציג און ניט מיין חנוכה-ליכטל!
(ד. ה.—ס׳איז ניט מיין זאַך; צו מיר האָט דאָס ניט).
3) פריער מיינע, שפּעטער מיינע.

**מיינען** — 1) דאָס מיינט דער פסוק.
2) ווי ניט אים מיינט מען!
3) ער מיינט די גאַנצע וועלט איז זיינע און מיינע אַ האָר ניט.
(וואר. אַ ברעקל ניט, אַ קאָם ניט).

**מילכיק** — 1) אַ מילכיקע צורה.
2) ניט מילכיק ניט פליישיק.

**מינוט** — מיטן מינוט. (ד. ה.—מאָמענטאַל).

**מיצווה** — 1) אַ מיצווה אויף אים!
2) אַ מיצווה—אַ הונט אין שמד!
3) אַ מיצווה—אַ מויד ליגט אין קינפּעט!
4) אַ מיצווה וועל איך פאַרדינען!
(איראָניש).
5) ער טוט דאָס ניט פון מיצווה וועגן.

**מישכּעוון** — (נישטערן,—רויען זיך).

**מיתה** — אַ מיתה משונה.

**מכה** — 1) די דריטע מכה פון מצרים.
2) פון די עשרה-מכות די בעסטע.
(וואר. בער.)

**מכבד זיין** — מיט וואָס איז מען אים מכבד?— מיט אַ שטעקן.
(אזוי ענטפערט מען, ווען מע פאַרלאַנגט קיין כיבוד ניט).

**מלאך** — זיי אַ מלאך?

**מלאכה** — 1) דאָס איז זיין מלאכה!
2) פון אַלע מלאכות האָבן קדחת.

**מלכה** — מלכה די צאַצקע. (פון אַ פאָלקס-ליד).

**מלמד** — אַברעמעלע מלמד!
(פון אַן אַלטען פאָלקס-ליד, וואָס לאַכט אויס מלמדים).

**ממון** — ממון קרח.

**ממתקים** — האָבן די ממתקים—געלט.

**מסחר** — ס'איז קיין מסחר ניט! (קיין עסק ניט)

**מנה יפה** — געבן אַ מנה-יפה.

**מעדאל** — ווערט זיין אַ מעדאַל.
(אַ מעדאל פון אַ פוד אייזן, אַ נידערנעם מעדאל).

**מעוברת** — אַ מעוברתע יידענע!
(ווען איינעם איז די קלענסטע טירחה צו שווער).

**מעטער** — ער איז אַ מעטער אויף אַזוינע זאַכן!
(אַ בקי).

**מעלה** — דאָס וועט ניט מעלה זיין און ניט מוריד זיין.

2084

**מענה-לשון** — 1) האָבן אַ מענה-לשון.
(אַ גרויסן מויל).
2) עפּענען דעם מענה-לשון.

**מענדל** — אַז דו הייסט מענדל, מעג מען עסן פון דיין פענדל און טרינקען פון דיין קענדל. (וואר. בער. „פענדל").

**מענטש** — 1) אויך מיר אַ מענטש!
2) איך בין אויך אַ מענטש?
3) אַלץ אויפן זינדיקן מענטשן!
4) אַ מענטש איז געגליכן צו אַ קאַלאַשנפּאַרגיסער! (שפּאַס).
5) אַ מענטש דאַרף אַ סך האָבן?
6) אַ שטיקל מענטש.
7) גיין צו מענטשן.
8) וואו דער מענטש ווערט געבאָרן און וואו ער ווערט פאַרלאָרן!
(באַדויערונג).
9) זיי אַ מענטש, וועט מען דיר אוועקגעבן צו אַ וואַטעמאַכער!
(שפּאַס).
10) מאַכן פאַר אַ מענטשן.
11) מ'איז דאָך מער ניט ווי אַ מענטש!
12) קען אַ מענטש אויסרעכענען?
(וויסן).

**מעסער** — 1) זיין (ניין) אויף מעסערס.
(וואר.-אויף מעסער שטעך).
2) מיט אַ מעסער אין זייט.

**מערכה** — 1) אַ גאָלדענע מערכה.
2) אַ גוטע מערכה.
3) טאַפּן די מערכה.
4) קאַליע מאַכן די מערכה.

**מערער** — 1) מ'האָט מער ניט געקאָכט!
2) מער איז ניט געוואַקסן!
3) ס'וועט מערער ניט ווערן!

**מעשה** — 1) אַן אַקציע—מעשה. (איראָניש).
2) אַ מעשה אָן אַן עק. (אָן אַ סוף).
3) אַ שיינע מעשה, נאָר אַ קורצע.

2111

4) א בער אָן אַן עק—די מעשה איז אוועק.
5) א פלעקעלע אריין, א פלעקעלע ארויס—די מעשה איז אויס.
6) מעשות מיט חסדות.
7) מעשי-בראשית.
8) מעשים תעתועים.

**מעשים טובים** — פאר וואָסערע מעשים טובים קומט דאָס אים?

**מעשר** — מעשר פון שטרוי און זאלץ.

**מפיל** — א מפיל-קינד.

**מפיל זיין** — חעסט ניט מפיל זיין! (ד. ה.—ס'וועט דיר נאַרניש שאַטן).

**מפלה** — 1) א גיכע מפלה.
2) א מפלה וואָלט איך זיך אויף אים ניט געריכט!

**מפסיק זיין** — ער טאָר ניט מפסיק זיין! (איראָניש).

**מצבה** — מעגסט שוין נאָך דעם שטעלן א מצבה. (וואָר.—א ליבטל, א גראָשענע ליכטל, א יארצייט. ד. ה.—ס'איז שוין פארפאַלן).

**מציאה** — 1) א כשרע מציאה.
2) א כשרע מציאה איז א פעקל ציצית.
3) א מציאה—מיט ברויט צו עסן.
4) א מציאה פון קעשענע.
5) א מציאה פאר (פון) א גנב.
6) האנדלען א מציאה.
7) חעסט קריגן די מציאה!

**מקח** — מקח טעות.

**מר** — ס'מעג זיין מר בר רב אשי אליין! (דער וואָס האלט צו פיל פון זיין יחוס, וואָס מאַכט רבנישע העזיות).

**משא ומתן** — א שיינער משא-ומתן. (ד. ה.—אָנגעמאַכט זיך אַן עסק, א צרה).

**משה רבנו** — וויפיל משה רבנוס איז דאָ אויף דער וועלט? — דריי... משה דער שניידער, אברעמל דער שוסטער און איך מאַטקע!.. (אַזוי האָט אמאָל אויסגערעכנט א ישובניק).

**משוגע** — 1) משוגע צי חסר דעה.
2) משוגע צי שיכור.
3) משוגענער קאָפּ.

**משלח זיין** — (ארויספטרן).

**משיח** — 1) אז משיח וועט קומען!
2) וועט משיח קומען מיט א טאָג שפעטער! (זאָגט מען, ווען מ'ליינט אָפּ א זאך אויף שפעטער).
3) אז מ'זאָל דערמאָנען משיחן! (ווען עמיצער קומט אומגעריכט).

**משל** — א משל אנטקעגן א טאָרבע פלעקער.

**משקלות** — שטיין אויף משקלות.

**מתנה** — א מתנה לדרשה. (ד. ה.—א קנאַפּע מתנה).

**מתנת-יד** — קריגן א מתנת יד. (א שמאַחקן קלאַפּ)

---

## נ.

**נאגל** — 1) ארונטערקריכן אונטער די נעגל.
2) דערגריין וואָס אונטער די נעגל טוט זיך.

**נאָדל** — נאָר (ערשט) פון נאָדל ארויס.

**נאָווינע** — 1) אמאָל אין א נאָווינע.
2) א נאָווינע א יידן קוגל צו עסן!

**נאָז** — ס'איז ביי אים אויפן נאָז. (צו קליין).

**נאָך** — 1) א פולע מיט נאָך! (ד. ה. — נאַרניש).
2) נאָך איז ביים גלח אין ארבל. (אַזוי זאָגט מען, ווען עמיצער בעט נאָך).
3) ס'איז—מאַמע גיב מיר נאָך פארפל! (זאָגט מען אויף זייער א ברייטן בנר. שטאַמט פון א פאָלקס אנעקדאָט),

**נאָך** — 1) נאָך אַלעמען.
2) שבת נאָכן קוגל.

**נאָכפּרעגן** — מ'פרעגט זיך נאָך אויף אים!
(איראָניש)

**נאמנות** — הייליקע נאמנות.

**נאָמען** — 1) אַ נאָמען פון דער הפטרה.
2) זיין ליבער נאָמען. (נאָט).

**נאָס** — 1) די העמד איז אויף מיר נאָס.
2) נאָס אויסצודרייען.
3) פּיץ נאָס.

**נאָענט** — ס'איז נענטער ווי ווייטער.

**נאַקעט** — זאָל ער אַזוי ניט הונגעריק זיין, ווי ער וועט ניט נאַקעט זיין!
(אין קלעפּ)

**נאַרן** — יענער איז נאָך ניט געבאָרן געוואָרן, ווער ס'וועט אים נאַרן.

**נאַר** — 1) אַ גראָבער נאַר.
2) הויך און דאַר און שמעקט מיט נאַר.
3) וואו וואַקסן נאַראים? — וואו מע פאַרזייט זיי ניט.
4) נאַרעלע, עס העזעלע.

**נאַשערקע** — פרומע נאַשערקע.

**נדן** — 1) אָנגעבן אין נדן.
2) אַ שניידערשער נדן: פּופּציק רובל מיט...
3) ס'איז אַ גאַנצער נדן!
(ד. ה. — אַ פולע געלט).
4) צוגעזאָגט דריי ציגן נדן — און די דריטע ניט אָוועקגעגעבן.
5) קיין נדן בעט ער ניט, נאָר צוביסן.

**נהריג** — קריגן אַ נהריג. (נהרגן זיך).

**נו** — נו? מאַך המוציא!

**נוימן** — פון קהל נויט מען דיך דאָך ניט!
(אַ היסטאָריש וערטל)

**נוטיק** — אַ נויטיקער האַנדל!
(איראָניש. ד. ה. — אַ שלעכטער געשעפט).

2181

**ניט** — 1) ניט אַהער ניט אַהין.
2) ניט דערגאַנגען ניט דערפאָרן.
3) ניט מיר, ניט דיר.

**ניטאָ** — פּי פאַ פאָ—מער איז שוין ניטאָ!
(די קינדער ביים ענדיקן עסן).
זאָר. בער. „ויין" 5.

**נימגומקייט** — ס'כאַפּט אָן אַ ניטגוטקייט.

**ניטל** — (ניטל נאַכט: נים טאָר לערנען).

**נייס** — 1) אַלטע נייס.
2) אַ נייס אין שטעטל!
3) אַ נייס-די קרופּאַרנעס אָפּגעברענט!
(ווילנע).
4) גאָר אַ נייס!
5) נייע נייס!
6) נאָך אַ נייס!

**ניסיון** — ביישטיין ביי דעם ניסיון.

**נישקשה** — 1) נישקשה איז אויך גוט קראַנק!
2) נישקשה איז אַ שלעכטער פערד!
3) נישקשה פון אַ..
(שוין איינמאָל אַ „..)

**נס** — 1) אַ נס איז אים געשען.
2) אַ נס האָט זיך באַפּישט.
וואַר. בער. „נס" 4.
3) אַ נס מין השמים.
4) גאָטס ניסים.
5) די באָבע יענטעס ניסים
6) ניסים ונפלאות.
7) ציפּקעס ניסים.

**נעבאַכל** — 1) זיין אַ נעבאַכל.
2) לייגן דעם נעבאַך אויף יענעם.

**נעמען** — 1) דער טאַטע האָט גענומען די מאַמען און איך דאַרף נעמען אַ פרעמדן!...
(שטאַמט פון אַ פאָלקס אַנעקדאָט. אַזוי האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט אַ ישובניצע. מ'זאָגט דאָס, ווען אַ מאָכטער וויל ניט פאַרלאָזן די עלטערן נאָך דער חתונה).

2207

2) דער שוואַרץ יאָר נעמט אים ניט!

3) וואָס ווערט מען ביי אים נעמען— די קאַטשקעס אויפן וואסער?

4) כ׳וועל אים נעמען פאַרן קאָפּ!

5) נעמען די וואָר.

(ר. ה.—נעמען דעם וועג, אוועקגיין).

6) נעמען דעם וועג. (אוועקגיין).

7) נעמען זיך צום האַרצן.

8) נעמט ניט פאַר אומגוט!

(אנטשולדיקט, זייט מוחל).

**נעכטיקער** — 1) אַ נעכטיקער טאָג!

2) זיין ניט קיין נעכטיקער.

**נפש** — 1) אויך אַ נפש!

2) נפש כל חי!

**נקי־כפּימניק** — (וואָס נעמט ניט קיין כאַבאַר).

**נשמה** — 1) אַ ווייבערשע נשמה.

2) געבן די נשמה.

3) די נשמה פון אים!

4) מאַכן מיט דער נשמה.

5) מיין נשמה איז אויך ניט קיין ראַזינקע. (וואר.-פון קליאַמקע)

6) נעמען די נשמה.

7) נעמען די נשמה אויף פּראָקאַט.

8) פּאַכן מיט דער נשמה.

9) שפּילן מיט דער נשמה.

# ס.

**סאַטעס** — סאַטעס איז אַרויס פון מאָדע.

(זאָגט מען צו דעם, וואָס חורט איבער דאָס וואָרט „ס׳האָט עס“.

**סאַם** — 1) סאַם סאַפּאָזשניק.

(אַליין אַ באַלעבאָס; טוט וואָס ער וויל).

2) סאַם פּאַן.

**סאַרוועד** — מאַכן די קאַץ פאַר אַ סאַרוועד.

**סברה** — 1) בויך־סברה.

2) די סברה איז מחיב.

3) ס׳איז אַ סברה.

**סדרה** — ס׳גייט אַ סדרה.

**סדרן זיך** — (גרייטן זיך אין פּאָנטאָווע, עסקן זיך).

**סדר־עולם** — ווי דער סדר־עולם איז זיך נוהג.

(ווי ס׳פירט זיך ביי דער וועלט).

**סוד** — 1) אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד.

(וואר. בער. „סוד“ 3).

2) אַ סוד פון באָד.

**סוחר** — 1) אַ וואַלוועלער סוחר.

2) אַ טייערער סוחר.

3) אַ סוחר מיט אַ קאַליר.

(וואר.-מיט אַ גלאַנץ).

**סוכאַטע** — האָבן סוכאַטע. (פאַר׳אַדיע פון „חרטה“).

**סוף** — 1) אַ ביטערער (אַ מיסטער, אַ פינסטערער) סוף.

2) אַ סוף—אַן עק.

**סחורה** — 1) אַ צוגעלעגענע (פאַרלעגענע) סחורה.

2) ס׳איז אַ סחורה אַ ריכטיקע!

3) ס׳איז אַ סחורה!

**סטראָגע** — סטראָגע געפירט און באַרוועס געגאַנגען.

**סטראַשען** — סטראַשע די וואַנצן!

**סטירדע** — גיין מיט סטירדעס. (קריגן זיך).

**סיבירניק** — (אויף אַ שלעכטן מענטשן).

**סילוק** — האָבן אַ סילוק. (אַ באַצאָלונג, אַ פּסק).

**סימן** — אַ סימן—אַ לאָקש אויפן באָרד!

(שטאַמט פון אַן אַנעקדאָט).

**סכנה** — 1) אַ קנאַפּע סכנה.

2) סכנות נפשות.

**סליוגע** — ס׳גייט אים איבער די סליוגע.

סמפטיון — (אויף אַן ערט וואו ס'איז ניט רואיק, וואו ס'קאָכט כסדר).

סמך — אויף דעם סמך.

סמיכות־הפרשה — וואָס פאַר אַ סמיכות־הפרשה?

סקאַנדאַל — אַ סקאַנדאַל אין דער וועלט!

סקאַרפעטקע — סקאַרפעטקע אַ בגד! (איראָניש)

סקאַצל — סקאַצל קומט!

סתם — סתם אין דער וועלט אַריין.

## ע.

עבירה — 1) אַ בעטערע עבירה.
2) אויף מיר די עבירה!
3) איך וועט קיין עבירה ניט פאַרדינען!
4) אַן עבירה פון גאָט.
5) ס'איז אַן עבירה! (אַ שאָד).

עברי — 1) האַרטע עברי—(קלאָרע דיבורים).
2) ניט קענען קיין שייטל עברי.

עובר—עובר באַצוועגע. (פאַראַריע אויף „עובר בטל“)

עוולה — 1) האָסטו ביי מיר אַן עוולה!
2) ער קען די עוולה ניט צוזען.

עולם — 1) אַ גרויסער עולם.
2) אַן עולם ומלואו.
3) לעולם ועד.
(אויף אייביג, אויף אַלע מאָל).
4) עולם האמת. (יענע וועלט).
5) עולם הזה.
6) עולם הבא.
7) עולם התוהו (אַ וויסטע וועלט).
8) עולמשע—(וועלטלאַכע; די חסידים רופן אַזוי די מתנגדים).

עופעלע — (פיצל קינד, ווערט געברויכט איראָניש).

עושה־שלום — ער האַלט ביי „עושה שלום“— (ד. ה.—ביים סוף).

עין־הרע — 1) אַן עין־הרע!
2) אַ בייזע עין הרע האָט אים אויפגעגעסן.
3) גיב קיין־עין־הרע ניט!
4) קיין עין־הרע וועל איך אים ניט געבן, בעסער דרשה־געשאַנק!

2285

5)—קיין עין הרע זאָל אים ניט שאַטן!
(ווער.—קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאַטן)
6) קיין עין הרע ניט.

עלטער — 1) ווייזן ווער עלטער איז.
2) ער איז מיט אַ מיטאָג עלטער פאַר דיר!

עלנט — אַן עלנט אויף (צו) אים.

עמלק — (אַ שלעכט פאָלק, ווערט געברויכט אויך אויף שלעכטע מענטשן).

ענטפערן — גאָט אַליין האָט אים געמעגט ענטפערן.

ענג — 1) ענג אין די קאַמאַשן. (זאָגט מען, אויף אַ שיכורן; וואָס פאַלט פון די פיס).
2) ענג אין מוח. (זאָגט מען ווען מ'קען זיך קיין עצה ניט געבן).
3) ענג אין סטאַן.
4) ענג אין קעשענע.
(זאָגט מען, ווען עס פעלט געלט).

עניינו — מ'דאַרף מיט אים קיין „עניינו“ ניט זאָגן.
(ד. ה. ער קען שוין פאַר אַ הונגעריקן באַשטיין).

עני — אַן עני ואביון. (אָרימאַן).

עסיק — ס'ברענט עסיק! (איראָניש).

עסן — 1) ער עסט און ס'עסט אים.
2)—ברוך היושבים (היושב).
— קומט עסן
— עסט געזונט!

2305

3) זיין פֿאַרבײַ און עסן פֿאַר דריי,
4) מ׳טאָר ניט עסן תשעה באב, ווייל מ׳לייגט תפילין צו מנחה...
(קאַטאָווער).
5) מ׳עסט שוין אירע בייגל.
(ד. ה.—זי איז שוין לאַנג געשטאָרבן. זע „בײקן״.)
6) ניט געגעסן ניט געטרונקען.
7) עסט און טרינקט.
8) עסט און טרינקט און זאָגט קיין קדיש ניט.
9) עסט ניט פֿון אַ סירכה.
10) עסט ניט פֿון קיין שאלה.
(אויף דעם, וואָס היט אַ כשרס).
11) עסט, עסט, היינט איז דאָך ניט שבת! (קאַטאָווער).
12) עסן בעט דאָס ניט!
13) עסן ליכט מיט טשוועקעס.
(ד. ה.—זיין אַ גרויסער אפיקורס).
14) ער עסט ניט, נאָר ער פרעסט, ער טרינקט ניט, נאָר ער זויפט, ער שלאָפט ניט, נאָר ער פּאָפט.
(אַזוי האָט זיך אַ שווינער געקלאָגט אויף איר איידים. שטאַמט פֿון אַ פּױלקס-אַנעקדאָט).
15) קוים געפועלט די ציגעלע זאָל ניט עסן, צום סוף פגרט זי גאָר אוועק!
16) קומט עסן!
—עסט געזונטערהייט! (וואַר.-נעווונט).
17) קרעפּלאַך זאָלסטו עסן!

עסן זיך — עסן זיך די נירקע. (ד. ה.-גריזעגען זיך)

עסק—דאָס איז אַן עסק פֿאַר אַן אַקאַלאַדאָטשנעם.

עפּל — אַז עפּל איז קרעפּל, איז קוגל אַלאָקשנטעפּל.
(וואָרטשפּיל. ווערט גענוצט, ווען עמיצער ברענגט אַ משל, וואָס איז ניט געשטױגן, ניט געפֿלױגן. פֿאַרגלייך מיט בער.—אַז ציבעלע איז ציבוליע, איז קנאָבל קנאָבוליע).

עפּענען — עפּענען די אויגן.

עצה — 1) זיך קיין עצה ניט געבן.
2) מיט עצות זיינען מיר באַזאָרגט.

עצם — אין עצם. (אין גרונט גענומען).

עקר זיין — (אַנטלויפֿן).

עקשן — געבראָטענער (געברענטער) עקשן.

ערב יום-טוב — האָבן אַן ערב יום-טוב...

ערגער — ערגער ווי אין טאַטן אריין.

ערך — 1) אין אַן ערך.
2) גאָר אָן אַן ערך. (ניט אָפּצושאַצן).

עשו — אַן אמתער עשו. (אַ רשע, אַ שלעכטס).

פּ.

פּאַדריאַטשיק — זיין פֿאַר יענעם אַ פּאַדריאַטשיק.

פּאה — ס׳ליגט מיר אין דער לינקער פּאה ניט.

פּאַטופּיען זיך — ס׳פּאַטופּיעט זיך מיר ניט אין קאָפּ. (מוח).
(איך קען דאָס ניט באַגרייפֿן).

פּאַטשן — 1) פּאַטשן איבער די אייטער.
2) פּאַטשן זיך און שרייען בראַוואָ.

פּאַטשען זיך — פּאַטשען זיך אין בייכעלע.

פּאַטראָן — (קלויזניק, פּאַראַכמלאַך).

פּאַלמעסן — פּאַלמעסן די פלייש.
(די לייב, דערנײַן די ישׂרן).

פּאַמעלאַך — 1) אַ שטאַרקער פּאַמעלאַך.
2) פּאַמעלאַך ווי דו טוסט דאָס!
(איראָניש).

פאנורע — (וידלוואָרט)

פאני-בראט — זיין א פאני=בראט.

פאני-מאטקע — זיין א גאנצע פאני=מאטקע.

פאסן — ס'פאסט צו זאָגן.

פאסקרעבעץ — 1) (א מוזיק — א פאסקרעבעץ= דאָס לעצטע קינד;
(וואר.-פאָסקרעביק).
פאָסקרעביק — דאָס לעצטע טייג, וואָס מ'סקראָבעט אויס פון מי'טער).

פאק — מיט האַק און פאַק.
(וואר.-העקל מיטן פעקל).

פאקן — געפאָקט און געמאָזלט.
(שוין אלץ איבערגעקומען).

פאר — ס'איז ניט קיין פאָר קליידער.

פארדע — מאַכן די פאַראדע.
(וואר.—מאַכן א פאראד).

פארע — ניט הערן קיין פאַרע.

פארציע — געבן (קריגן) א פאָרציע.

פגר — (א שלעכטע סחורה).

פגירה — אַן אמתע פגירה.
(וייער מאָגער).

פגרן — 1) געפּגרט אַ בער אין וואַלד!
(ביי א וועלטענעם פאל).
2) מאַכן זיך געפּגרט.
4) פגרן פאַר א גראָשן.

פויער — 1) דאָס איז דער פויער פון די בולבעס!
(וואר.—פון די בוריקעס).
2) פויער בלייבט פויער.

פויערשער — פויערשער קאָפּ.

פומפע — פון די פומפעס. (פון די פני)

פוסט — 1) פוסטע כלי.
2) א פוסטער פראַנט.
3) פוסטע רייד. (וואר—דיבורים).

פוצן — 1) פוצן יענעם. (ד. ה.-אָפּנארן באַגנבענען).
2) ער מעג ביי מיר די שטיוול פוצן!

פורים — פורים ניע סוויאַטאַ,
טראַשצאַ ניע כוואַראָבאַ.
ד. ה.-פורים איז קיין יום-טוב ניט, קדחת איז קיין קרענק ניט. וואר. בער. „פורים" 6).

פורש בשמו — כ'וויל ניט פורש=בשמו זיין.
(ניט אָנרופן ביין נאָמען).

פותר — 1) ניט וויסן פון קיין פּותר און פון קיין חלום.
2) פותר חלום זיין.

פטור — 1) פטור בלא כלום.
2) פטור ווערן פון א חמץ.
3) פטור, נו!

פטרן — 1) פטרן אַן עסק.
2) פּטרן די טעג מיט די יאָרן.
3) פטרט מיך אָפּ! (פאַרהאַלט מיך ניט).

פיזמון — אַוועקגעבן א פיזמון.

פיאים — 1) זיין פייאים גייט אויף אין דריי גראָשן!
2) פאַרמאָגן עטלאַכע פייאים.

פימסנהאָלץ — (אויסגעצייכנט!)

פינטל — 1) טרעפן אין פינטל.
2) פאַרשטיין וואָס די שוואַרצע פינט=לאַך מאַכן.

פינטלען — פינטלען מיט די אויגן. (אויף א גנב)

פיפס — ניט הערן קיין פיפס.

פלאָץ — קריגן (כאַפּן) די פלאָץ.

פלאצן — 1) מ'קען פלאצן!
2) ס'וועט שוין פלאַצן א קערבל!
3) ס'פלאַצט די גאַל.
4) ס'פלאַצט די געדולד.
5) פלאַצן פון געלעכטער.
6) פלאַצן פון פאַרדראָס.

פליטה — מאַכן די פליטה.

פנים — 1) האָבן אַ פנים ביי לייט. (ביי דער וועלט).
2) וואָס פאַר אַ פנים האָט דאָס?
3) שוואַרצן דעם פנים.

**פסול** — 1) אַ טרייף=פּסול.
2) אַ פּסול אין משפּחה.
3) אַ פּסולע הושענה.
4) אַ פּסולע מטבע. (אויף אַ פּאַלשן מענטשן)
5) פּסול די סוכּה! (איראָניש).

**פּסק** — כאַפּן אַ מיאוסן (אַ ביטערן) פּסק.

**פּעטרישקע** — ס'איז אויף אַ פּעטרישקע!
(ווייער ווייניק).

**פּעלץ** - מיין פּעלץ איז ניט ביי מיר!
(כ'בין נאָך ניט זיכער אין דעם).

**פּען** - מיט אַ פּען אין האַנט.
(אויף איינעם וואָס קען שרייבן)

**פּענדזיע** - מאַכן פּענדזיע. (חווק).

**פּעקל** - 1) אַ פּעקל. (אַ צרה)
2) נעמען דעם זעקל (העקל) מיטן פּעקל.

**פּערל** — ס'שיט זיך ביי אים פּערל פון מויל.
(וואר.-ס'פּערלט פון זיין מויל)

**פּראָבע** - די לעצטע פּראָבע.

**פּראַווען** — פּראַווען גאַווענדעס.

**פּרוש** — מאַכן אַ גאַנצן פּרוש.

**פּרי** - אַ שיינע פּרי. (איראָניש)

**פּריץ** - 1) אַ בייזער פּריץ.
2) אַ גאַנצער פּריץ!
(איראָניש. אויף אַ קבצן וואָס האַלט זיך גרויס)!
3) אַ פּריץ מיט אַ לאָך.

**פּרעגלען זיך** — פּרעגלען זיך פאַר נחת.

**פּשיק** - אַ פּשיק פון טייגאַכץ!
(שטשאַטש פון אַ אַנעקדאָט).

## פ.

**פאַבריק** — וואָס אַ פאַבריק קען מאַכן,
אַ קעז מיט אַזוי פיל קנייטשעלאַך
(שפּאַס).

**פאָכן** — פאָכן מיט דער נשמה.

**פאַלן** — 1) ס'פאַלט שטיקערווייז.
2) ס'פאַלט מיט די פוטער אַראָפּ.
3) פאַלן אויף אַ שכל.
(אויף אַ פּלאַן, אַ המצאה).
4) פאַלן אויף אַ פאַל.
5) פאַלן אויפן נאָז.
6) פאַלן אין די אַהלאָבליעס.
(פאַרלירן די כּוחות אַרבעטנדיק).
7) פאַלן פון די פיס.
8) פאַלן צו די פיס.
9) פאַלן צו דר'ערד. (שטאַרק בעטן זיך).

**פאָניע** — 1) פאָניע גנב.
2) פאָניע קוואַס.

**פאַסאָן** — 1) האַלטן פאַסאָן.
2) שטעלן זיך אין פאַסאָן.



**פאַסטן** — פאַסטן הפסקות. (איראָניש).

**פאַרביטערן** — פאַרביטערן דאָס לעבן.

**פאַרביי** — 1) פאַרביי. (נעפערלאַך קראַנק)
2) פאַרביי דאָס לעבן.
3) פאַרביי פייטלען אין באָד אַריין.

**פאַרבייגן** — 1) פאַרבייגן—(מאַנקירן).
2) פאַרבייגן די פינגער.
(ציילן, אויף אַ אויפגעקומענעם נגיר,
וואָס מ'שאַצט זיין פאַרמעגן).

**פאַרבייטן** — פאַרבייטן די יוצרות.

**פאַרבייסונג** — אַ פאַרבייסונג צו די צרות.

**פאַרבייסן** — פאַרבייסן אַ הונט אַ ווייסן.

**פאַרבינדן** — פאַרבינדן דעם עק. (די הענט).

**פאַרגיין** — זיך פאַרגיין. (פאַרן וויינען, לאַכן, הוסטן).

**פאַרגינען** — 1) ניט פאַרגינען דעם ביסן.
2) ניט פאַרגינען דעם לעבן.
3) פאַרגינען דעם גליק. (איראָניש)

פאַרגיסן — פאַרגיסן יענעמס זיין בלוט.

פאַרגעסן — 1) עסן און טרינקען פאַרגעסן.

2) פאַרגעסן אָן גאָט.

(וואר. בער. „סענטש").

3) פאַרגעסן אָן אַלע זיבן זאַכן.

(וואר.—גליקן).

פאַרדאגען — פאַרדאגען די וועלט.

(וואר. פאַרזאָרגן).

פאַרדינען — 1) ניט פאַרדינען קיין וואַסער אויף קאַשע.

2) פאַרדינען וואָס גאָט שיקט צו.

3) פאַרדינען מיט די פינף פינגער.

4) פאַרדינען פיר וואָכן אויף אַ חודש. (שפּאס).

5) פאַרדינען שפּילנדיק.

(ד. ת. ווייער נריגג).

פאַרדינער — אַ פורימדיקער פאַרדינער.

פאַרדעקן — פאַרדעקן די צרות.

פאַרדרייען — 1) דער קאָלטן האָט זיך אים פאַרדרייט!

2) פאַרדרייען די יאָרן.

(וואר.—דעם קאָפּ מיט די יאָרן די פּנג מיט די יאָרן).

פאַרהיילן — ביז דער חתונה וועט זיך פאַרהיילן

(וואר. בער „חתן" 5).

פאַרהערן זיך — (קריגן זיך).

פאַרוואָס — פאַר וואָס און פאַר ווען ?

פאַרוואַקסן — פאַרוואַקסן מיט מאָך.

פאַרוואַרפן — 1) פאַרוואַרפן אַ גוט־וואָרט פאַר איינעם.

2) פאַרוואַרפן אַ קלאָץ. 1) פאַרריידן די ציינער, 2) צוּוואַרפן עפּעס וואָס).

3) פאַרוואַרפן מיט אַרבעט.

פאַרווינן — די קלאָג צום פויער,

וואָס פאַרוויגט איז אַזאַ וויגעלע!

(וואָס מען אויף אַ מענטשן, וואָס רעדט אַן צו טאָן שלעכטע זאַכן; אויך אויף שלעכטע ערציער).

פאַרווייזן — פאַרווייזן די פּאָמוניצע.

(וואר.—די ווייף, די קאַשע).

פאַרזאָגן — פאַרזאָגן אַ צענטן.

פאַרזאַווינען זיך — (פאַרבּריהן זיך).

פאַרזאָרגן — פאַרזאָרגן זיך אויף אייביק.

פאַרזוכן — פאַרזוכן אַ טעם.

פאַרזעסן ווערן — פאַרזעסן ווערן ביזן גרויען צאָפּ.

פאַרזעעניש — (אַ מיאוּסקייט).

פאַרזעצן — פאַרזעצן די לעצטע העמד פון זיך.

(וואר. פון לייב).

פאַרטאָג — פאַרטאָג מיט אַ לאַמטערנע.

(ד. ה. ווייער פרי).

פאַרטוך — אונטער דער מאַמעס פאַרטוך.

פאַרטיק — 1) פאַרטיק די שפּיל!

2) פאַרטיק די פּיש!

פאַרטיקע — 1) האַלט האָבן פאַרטיקע.

2) וועסט שוין זען פאַרטיקערהייט.

3) פון פאַרטיקן. (עסן, לעבן).

פאַרטרייבן — פאַרטרייבן אין שמד.

(שמאַרק רודפן).

פאַרטשעפּען — ניט פאַרטשעפּען אַ פליג אויף (אָן) דער וואַנט.

פאַריאָגט — פאַרצאָגט און פאַריאָגט.

פאַריבל — האָט קיין פאַריבל ניט! — קיין חרטה אויך ניט!

פאַרלאַנגען — פאַרלאַנגען נעכטיקע טעג.

(וואר.—נעכטיקע וועטשערע).

פאַרלאָרן — פאַרלאָרן זיינע יונגע יאָרן.

פאַרלויפן — 1) ס'פאַרלויפט ניט אין דער וועלט.

2) פאַרלויפן דעם וועג.

פאַרלירן — ער האָט פאַרלאָרן דעם שליסל.

(זאָגט מען אויף אַ טויט־שיכּור).

**פאַרמאָגן** — 1) ניט פאַרמאָגן אַ גראָשן ביי דער נשמה.

2) ניט פאַרמאָגן, וואָס אַ האָר (אַ ציבעלע) איז ווערט.

3) ניט פאַמאָגן יענעמס מיסט. (וואָס יענעמס מיסט איז ווערט)

4) ניט פאַרמאָגן קיין צעבראָכע־נעם שילינגער.

5) פאַרמאָגן דעם קייסערס אוצרות.

**פאַרנעמען** — ס'פאַרנעמט אַ וועלט.

**פאַרסמען זיך** מ'קען זיך דערמיט ניט פאַרסמען!

**פאַרפל**—ס'איז פאַרפלן! (פאַראָדיע פון „פאַרפאַלן")

**פאַרפאַלן** — וואו איז מיינע ניט פאַרפאַלן?

**פאַרפאָרן** — 1) ער איז שוין פאַרפאָרן אין צענטן דאָרף. (וואָגט מען אויף אַ מענטשן, וואָס שלאָפט זייער האַרט).

2) פאַרפאָרן אין אַ פרעמדע קרעטשמע.

3) פאַרפאָרן אין באָק אַריין.

**פאַרפאַסטן** — פאַרפאַסטן מיטן לעבן.

**פאַרפירן** — איך קען דיך ניט פאַרפירן! (ניט צוואָגן).

**פאַרפלעקלען** — ס'איז פאַרפלעקלט!

**פאַרצעדינער** — (פאַראָדיע אויף „פאַרדינער").

**פאַרקאַשערן** — 1) פאַרקאַשערן די אַרבל.

2) פאַרקאַשערן די פאָלעס.

**פאַרקויפן** — 1) כ'וועל דאָס ניט טראָגן פאַרקויפן!

2) פאַרקויפן די לעצטע העמד פון זיך.

**פאַרקערט** — 1) מאָטל פאַרקערט. (רופט מען אַ מענטשן, וואָס טוט אַלץ קאַפויער).

2) פאַרקערט האָט נאָר די באָבע געקלערט, אָבער דער זיידע האָט פאַרוּוערט, אַזוי איז שוין פון גאָט באַשערט.

3) פאַרקערטע יאָרן.



**פאַרקרעווען**—פאַרקרעווען די לייצעס.

**פאַרקריכן** — 1) ווייט פאַרקריכן.

2) פאַרקריכן אין אלפה־שישי.

3) פאַרקריכן אין בויבעריק. (וואר.—חצע־פלאָין).

4) פאַרקריכן אין אַ בלאָטע.

**פאַררוקן** — פאַררוקן אין ת. הגדול.

**פאַררייַדן** — פאַררייַדן די ציינער.

**פאַררייסן** — פאַררייסן דעם שנוק. (וואר. די נאָז, דעם עק).

**פאַררעכענען** — דאָס מוז מען אויך פאַררע־כענען אין די זיבעציק יאָר! (מ'מיינט די שלעכטע צייט).

**פאַרשאַדטן** — ס'קען פאַרשאַדטן! (איראָניש)

**פאַרשאַפן זיך** — פאַרשאַפן זיך אין פייער און אין וואַסער.

**פאַרשטיין** — 1) איך פאַרשטיי די מעשה!

2) פאַרשטיין אַ געשעפט. (אַן עסק).

**פאַרשטיקן** —! (האַלטן בסוד).

**פאַרשטעכן**—פאַרשטעכן די הענט. (מיט שוחד)

**פאַרשטעלן** — 1) אַלע וועגן האָבן זיך פאַר מיר פאַרשטעלט.

2) די אויגן זייַנען מיר פאַר־שטעלט געוואָרן.

**פאַרשטעקן** — פאַרשטעקן אין גאַרטל. (וואר.—אין אַרבל).

**פאַרשטערן** — פאַרשטערן די שימחה.

**פאַרשיטן** — פאַרשיטן יענעם. (מסרן אויף יענעם, יענער זאָל אַריינפאַלן).

**פאַרשילטן** — 1) איר מעגט מיר פאַרשילטן די פרנסה!

2) פאַרשילטן דאָס געביין. (די יאָרן, דאָס לעבן).

**פאַרשליפן** — דערמיט איז די ערד פאַרשלאָסן געוואָרן! (ד. ה. דערמיט זיך אויפגעהערט).

פאַרשפּאַרן — פאַרשפּאַרן מיט אַ שפּענדל די ווילִיע.
(איראָניש. ווילִיע-אין ווילנע. אין אַנ-דערע שטעט — דעה נאָמען פון אָרטיקן טײַך).

פאַרשרייבן — 1) פאַרשרייבן אויפן (אין) קוימען.
2) פאַרשרייבן אין ספר-הזיכרונות.
3) פאַרשרייבן אין ספר פּראַלניק.
4) פאַרשרייב זיך דאָס אויפן שטערן! (נעדענק).

פול — 1) מיט דער פולער האַנט.
2) מיטן פולן מויל.

פויל ער — פוילער לאָדער. (подырь).

פוילן זיך — פוילסט זיך, שיק דעם פוילער! (וואָר.-שיק דעם פוילער און אַליין גיי)

פוס — 1) אַ פוס אויפן הימל, אַ פוס אויף דר'ערד.
(ווען דו וואָלסט שטעלן, וועל איך דיר אויך ניט גלויבן).
2) נעמען די פיס אין די הענט.
(וואָר.-אויף די פּלייצעס).
3) שטעלן פיס. (לויפן).

פופציקער — קופיל זאַ פופציקער, פּראָדאַל זאַ פערציקער, אַבי סוועזשי גראָש.
(אַבי האַנדלען).

פוריע — מאַכן פוריעס. (פאַרנדלייך „שטעלן ויף").

פידלען — 1) איז ניט געפידלט!
2) ס'פידלט ניט!

פיטערן — כ'האָב מיט דיר קיין חזירים ניט געפיטערט!

פיי — ס'איז שוין צוויי פייען. (פ. פ.-פאַרפאַלן)

פייג — 1) אויסשטעלן צוויי (צען) פייגן.
2) אַ פייג אונטער אַ דעכל!
3) אַ פייג אין קעשענע.
4) אַ פייג אונטער דער נאָז!
5) געבן אַ פייג.
6) וויסן אַ פייג.

2566

פייער — 1) דורך פייער און וואַסער.
2) העליש פייער.
3) פון פייער אין וואַסער.
4) פייער מיט וואַסער.
5) פייער-פאָלק. (געפערלעכע לייט)
6) פלאַם-פייער.

פילן — פילן אַ טעם.

פינגער — 1) ניט טאָן אַ פינגער אין קאַלט וואַסער
2) צען פינגער מיט אַ פייג.
3) פינף פינגער מיט אַ כאַפּ.
4) זויגן פון פינגער.

פינגער-מלאכות — מאַכן פינגער-מלאכות.
(אָפּנאַרן בײַם דערלאַנגען).

פינסטער — 1) פינסטער איז מיר! (ווײ געשריי)
2) פינסטער איז מיר מײַן וועלט

פירן — פירן דעם ברונים צום אָקס.
(וואָר.-דעם טייך צום פערד).

פירן זיך — 1) איך קען זיך אַזוי גרויס ניט פירן!
2) ער פירט זיך ניט קליין.

פליאַדערן — (וואָגן ליגן).

פליאַר — 1) זיין אין פליאָר.
2) שטעלן זיך אין פליאָר.
(וואָר.-אין פּאַסאָן).

פליג — 1) כאַפּן פליגן.
2) ס'האָט זיך אים געזעצט אַ פליג אויפן נאָז. (וואָר.-אַ שטרוי אויפן נאָז).
(אויף איינעם וואָס קען זיך ניט העלפן אין דער מינדעסטער זאַך).

פליטער — מיט אַלע פליטערלאַך.

פליי — פליי אין נאָז.

פליים — אויף צו פלייסן. (אויף צו בלומריש).

פלייש — 1) אַ שטיק פלייש מיט צוויי אויגן!
2) פלייש צום שטאַט, און זופּ צו זאַט.
(וואָר בער. „פלייש" 4.)

2594

פלײשיק — ער האָט זיך געמאַכט פלײשיק!
(שטאַמט פֿון אַ פאָלקס-מעשה. אײנער האָט אַמאָל גענעסן גרױפּן מיט נישט פֿון אַ פלײשיקן טעפּל, האָט ער דערנאָך ניט געקענט עסן קײן מילכיקע בלינצעס).

פלעכטן — געפלאָכטן שטריק מיט זײד:
(בײַ אַ ניט פּאַסיקן שידוך).

פלעקעלע — אַ פלעקעלע אַרײַן, אַ פלעקעלע אַרױס, די מעשה איז אױס.
(װאַר.-„שטעקעלע").

פלעשל — פֿון פלעשל אין גלעזל.

פעדערן — זײַן אין די פעדערן. (רײד).

פעט — װעסט ניט פעט װערן!

פעטע — 1) אַראָפּנעמען די פעטע.
(װאַר.-די סמעטענע).
2) אַראָפּנעמען חלה.
(ד. ה. אַראָפּנעמען פֿאַר זיך).

פעט מאַכן — פעט מאַכן די יױך.

פעטער — 1) אַ מאָגערער פעטער.
2) זײַ מיר ניט קײן פעטער און נײַ מיר ניט קײן שיך!
(װאַר. בער. „פעטער" 2.)

פעל — הינטישע פעל.

פעלן — 1) װאָס פעלט אים און װאָס האָט ער?
(װאָגט מען אױף דעם, װאָס האָט גאָר-ניט און איז צופֿרידן).
2) מער װי טאַטע-מאַמע פעלן ניט!
(זאָגט מען, װען ס'װיל אָנװײַזן, אַז ס'איז ערגעץ װײַער פֿיל אָנגעשטעלט).
3) מער װעט דיר ניט פעלן!
4) ס'זאָל פעלן אַ האָר!
5) ס'פעלט אים אַ קליאָפּקע.
(װאַר.- אַ שרײַפעלע).

6) ס'פעלט אים פױגלמילך.
(װאַר. בער.-„פױגלמילך").
7) ס'פעלט אַן אות (אַ נאָז) ניט!
8) ס'פעלט צום רומל.
9) שלים-מזל װעט דיר פעלן!
(װען מ'װאָרנט עמיצן אַז ער זאָל די זאַך ניט טאָן).

פעפער — 1) געבן פעפער שמעקן.
(װאַר.-פולװער).
2) זאַלץ אין די אױגן פעפער אין נאָז!
(קינדער שילטן אַזױ װי אַ װשאַבע; צו דעם װאָס שילט זיך).

פערדל — פערדל, אַ בער גײט!
(שטאַמט פֿון אַ פאָלקס-אַנעקדאָט).

פערטל — אַ פערטל אױף אַ קאַמיזעלקע.
(אַ קאַטאָװעסדיקער עטפֿער אױף דער פראַגע-װי פֿרי איז דער זײגער?)

פרום — די קאַץ איז שױן פרימער פֿאַר אים!
(װײַל זי װאַשט זיך, איראָניש).

פרײ — זײַן אַ פרײַע פײגעלע.

פרימאַיאָר — (פֿאַרגרײַזט פֿון פרײַ מױערער).

פרײלאַך — דער רבי האָט געהײסן פרײלאַך זײַן! (פֿון אַ פאָלקס-ליד).

פרײען זיך — פרײען זיך, װאָס די מאַמע האָט געהאַט.

פריער — זײַן אַ פרײער. (אַ יאָלד; שם-עצם).

פריש — פריש-צאַפּלדיק.

פרישקײט — די זעלבע זאַך מיט מער פרישקײט.

פרעגן — 1) פרעג אים אַ גרינגערע זאַך!
2) פרעגן בחרם.
3) פרעגן קוכעלאַך.
(פּאַראָדיע פֿון פרעגן קשיות)
4) פרעגן קשיות.

פרעמד — װילד-פרעמדע.

# צ.

צאָן — 1) דורכזייען דורך די ציין.
2) די ציינער אויסרייסן! (שאַרפע דראָאונג)
3) לייגן די ציינער אויף דער פאָליצע.
4) ניטאָ אַ צאָןאויסצוקאַלופען.
5) נעמען אַ צאָן פאַר אַ צאָן.
(אָפּרעכענען זיך).
6) נעמען די ציינער פון מויל.
(ארויסקרינן מיט גוואלד).
7) פערדישע ציין. (גרויסע ציין).
8) צי פון ציין צי פון ביין.
9) קוקן אין די ציין.
(איראָניש. זיך רעכענען מיט עפּעס).
10) קריצן מיט די ציין.

צאַפּלען זיך — ווערן אַ צעצאַפּלטער.
(וואָר.—אַ פאַרצאַפּלטער).

צאַפּן — צאַפּן די דמים. (וואָר.—די בלוט).

צאַצע — אַ צאַצע! (איראָניש, אַ תנאי-כּרה, אַתכשיט)

צאַצקע — 1) אַ צאַצקע אַ יונגערמאַן.
2) צאַצקי נאַ יאָלקי!
(אויף אַ פוסטן פּוּץ).

צאַצקען זיך — (מאַכן אַ ווען).

צד — האָבן אַ צד אין טיש.

צדיק — אַ צדיק אין פּעלץ? (וואָר. אין לאַפּסערשעס)

צובאַמקען — (צוטאַטימען).

צובאַקן — (דערלייגן אין אַ געשעפט).

צוגאָב — אַ צוגאָב צו די יום-טובדיקע קליידער!
(וואָר.—צו די צרות).

צודריקן — צודריקן (צושפּאַרן) צו דער וואַנט.

צוואָגן — צוואָגן אַ מוח.

צוויי — געבן צוויי אויף צען.
(ד. ה. אַבטוגג נעבן, מ'מעגט צוויי אוינן אויף צען פינגער).

צוויק — האַלטן אין צוויק.

2657

צווישן — צווישן טאָג און נאַכט. (אומבאַשטימט).

צוואַרפן — צוואַרפן אַ ביין.

צוזאָגן — 1) דו האָסט מיך צוגעזאָגט, מאָטיע!
2) צוזאָגן גאָלדערנע שלעסער.
(וואָר.—גילדערנע בערג, הרים וגבעות).

צוכאַפּן זיך — קוים זיך צוגעכאַפּט.

צולאָזן — 1) אַ פויגל לאָזט מען צו אים ניט צו.
(וועגן אַן אַריסטאָקראַט).
2) צולאָזן דעם מזל. (ד. ה.-גבענעו).

צולייגן — 1) צולייגן אַ האַנט. (העלפן).
2) צולייגן דעם קאָפּ צום קישן.
(וואָרטשפּיל צווישן צולייגן—(דערלייגן) און צולייגן—(אָנעקליינן).
3) צולייגן די באָבעס ירושה.

צומאַכן — צומאַכן מיט אַן אויג. (שטאַרבן).

צונג — 1) אַ גלאַטער צינגעלע.
2) אַ געשליפענער צונג.
3) אַ לאַנגער צונג.
4) אַ צונג אויף שרויפן.
5) בייס זיך אָפּ דעם צונג.
(וואָר.—אַ האַלבן צונג).
6) גיב צונג! (ד. ה. רייד ווערטער. אזוי זאָגט מען אין מאָהיל, גוב. פאַרגלייך מיטן ווילנער,—אַ וואָרט אָדער אַ באַקצאַן).
7) מאַזאָליען אומזיסט דעם צונג.
8) מיט צונג! (אַן ענטפער דעם קינד אויף זיין פראַגע, מיט וואָס וועל ער עסן דאָס גרויס).
9) צונג, גיב לשון!

צונויפבר-ענגען — צונויפברענגען בודים מיט פּאָליצע.
(וואָר.-אַ וואַנט מיט אַ וואַנט).

צופאַלן — ס'קען צופאַלן... די שוואַרצע בראַנד (חלשות). שפּעט, ווען עמיצער בּאַרימט זיך, אַז ס'קען אים צופאַלן אַ גרויסן נעווינם).

2678

צופוס — ס׳גייט ניט צופוס. (ס׳קומט ניט אן גרינג)

צופוצן זיך — (ארייגמאכן זיך, צושארן זיך).

צופוקעניש — די שונאים אויף צופוקעניש.

צוקלעפן — צוקלעפן מיט ניכטערע שפייעכץ.

צורה — 1) אן אויסגעווייקטע צורה.
2) א מילכיקע צורה.
3) א פסחדיקע צורה.
4) א קעלבערנע צורה.
5) האבן א פארצעלייענע צורקע. (אויף א שיינער).
6) וואס פאר א צורה (פנים) האט דאס? (וואס פאר א אויסזען האט דאס).
7) צורת אדם.
8) צורת אות.
9) צורת מטבע.

צורעכטמאכן — (פטרן).

צושטיין — (אין זין פון אפהאלטן זיך, אפשטעלן זיך).

צושטעלן — 1) צושטעלן א בייכל.
2) צושטעלן א בענקעלע.

ציבעלע — קיין זאק ציבעלע וועל איך פאר אים ניט געבן. (ווער. בער. „בארשטש") (ווער.-קיין צען זעק... אזוי טייער איז ער מיר. שפאס. פרנל מיטן חערטל: ער וועט ביי אים קיין טון וואלץ ניט איפעסן).

ציג — איין ווייסע ציג איז דא אויף דער וועלט! (פטרנלייך מיט בער. „קוה" נומ׳ 6).

ציטערן — 1) ס׳ציטערט אים דער פופיק.
2) ס׳ציטערט א פיש אין וואסער.
3) ס׳ציטערט די הויט. (די פעל).
4) ס׳ציטערט (ס׳צאפלט) נאך א גליד.
5) ס׳ציטערן די הענט. (אויף א קטרגן)
6) ציטערן אימת־מוות.
7) ציטערן פאר א פליג.
8) ציטערן פאר די ווענט.



9) ציטערן פאר דער שיין. (ווער.-פאר דער אינענער שיין).
10) ציטערן פאר יענעמס דוך. (פארע).
11) ציטערן פארן טויט.

צייט — 1) אין דער רעכטער צייט נאר באצייטן!
2) האסט קיין צייט ניט, טא זעץ זיך! (אין שפאס. צו דעם, וואס איילט זיך).
3) כ׳וועל דיר לייען א ביסל צייט! (ווען עמיצער באקלאגט זיך, אז ער האט קיין צייט ניט).
4) פונקט ווי נעכטן אין דער צייט! (א קטטאוועסער ענטפער אויף דער פראגע-„ווי פרי איז דער זייגער"?).

ציילן — צייל דיינע ציינער! (צו איינעם וואס שאצט פרעמדע גוטס.

צימבל — נעמען אויפן צימבל!

צימעס — מאכן א צימעס. (איבערטרייבן דעם ווערט פון דער זאך).

ציען — 1) ס׳ציט די הארץ צו דר׳ערד. (וייער הונגעריק).
2) ציען—(גנבענען).
3) ציען די עצמות.
4) ציען פארן צונג.

ציצית — ער שפינט ציצית. (איראניש. אויף זייער אן אויסגעלאסענעם).

ציקאוועסט — אויף ציקאוועסט!

ציקעלע — א ציקעלע. (א מעשה מיט א ציקעלע ד ה.-איינס קייטלט זיך מיטן צווייטן).

צלם — א צלם פאר אן אלף. (אויף אן אלפאבעט)

צעבעוימען זיך — (צעקרינן זיך).

צעגיין — 1) צעגיין פון היץ.
2) ס׳צעגייט אין מויל. (אויף זייער א געשמאקער זאך).

צעטיילן זיך — 1) זיי קענען זיך ניט צעטיילן!
2) צעטיילן זיך מיט דער ירושה!

**צעטראָגן** — צעטראָגן אויף טעלערלאַך. (אויספּויקן).

**צעליגן** — צעלייגן אויף טעלערלאַך. (מאַכן אַ וועזן פֿון אַ קלייניקייט).

**צעמורשטשען** — צעמורשטען אויף אַש.

**צעקייען** — (גוט באַנעמען, אַריינטראַכטן זיך).

**צעקילן** — צעקיילן און צעביילן.

**צעקריכן** — 1) זיין צעקראָכן. (ר. ה.—ניט געווונט)
2) צעקריכן אונטער די הענט.

**צער** — 1) אַ צער איז דאָס, אָבער ניט מיינער!
2) האָבן מער צער ווי חיונה.
3) האָבן צער אָן חיונה.
4) מער קיין צער זאָלט איר ניט האָבן!
5) ס'איז דעם צער ניט צו זען.
6) צאַר איז אַ קייסער.
(װאָרטשפּיל צווישן רוסישן „צאַר"—אַ קייסר און צער—(דאגה).

**צערייבן** — צערייבן אויף אַש. (אויף מאָן).

**צערייסן** — צערייסן אונטער די הענט.

**צערייסן זיך** — 1) צערייסן זיך אויף שטיקער.
2) צערייסן זיך לויבנדיק.

**צערעמאָניע** — מאַכן קרוטשקע צערעמאָניעס.

**צעשלאָגן** — צעשלאָגן די רעיונות.

**צעשפּרונגען ווערן** — 1) די צורה ווערט ביי אים צעשרונגען!
(סעיסט בלוט פֿון פּנים)
2) צעשפּרונגען ווערן פֿאַר כּעס.

**צפּיחית** — כּצפּיחית בדבש — ווי אַ כאַלאַווע אין עסיק.
(קאַטאָוועסדיקער טייטש).

**צץ** — ר' צץ ב"ר צץ. (אויף איינעם, וואָס האַלט זייער פֿון זיך און פֿון זיין יחוס).

**צרה** — 1) איובס צרות.
2) אַ צרה מיט שפּיצן.
3) אַ רעשטל צו די צרות.
4) האָבן צרות איבערן קאָפּ.
(וואָר.-ביז איבערן האלדז).
5) זיין אויף צרות.
6) צרות אויפֿן פּוד.
7) צרות ווי האָלץ און ניטאָ מיט וואָס צו הייצן.

**צרעת** — נגע-צרעת.

---

# ק.

**קאָזאַק** — 1) אַ שטרויענער קאָזאַק. (אַ פּחדן).
2) גאָטס קאָזאַקן.
3) קאָזאַקן רייטן, דער פֿאַרטאַך פֿאַלט!

**קאָזאַטשינע** — ס'איז אַ גאַנצע קאָזאַטשינע מיט אים.

**קאָזיאָנע** — 1) אויף קאַזיאָנע פּראָפּיטאַניע!
(אויף קהלשן חשבון).
2) ס'איז ניט קיין קאַזיאָנע!
3) קאַזיאָנע געלט.

**קאַטאָוועס** — 1) אַ קאַטאָוועס אַ ביסל.
2) טרייבן קאַטאָוועס.

2305

**קאַטער** — די קאַץ אויפֿן ‏בוידים האָט אויך קאַטער! (חייזוק אויס אַ וואָרטשפּיל צווישן קאַטער און קאָטער).

**קאָטשערע** — 1) קאָטשערע. (פֿאַראָדיע פֿון אָטשע-רעד; געשעפֿן געוואָרן אין דער צייט פֿון מלחמה).
2) קאָטשערעס מיט פֿאָמעלעס.
(אויף אַ ש, עכטן כּתב).
(זע בער. „שרייבן" 4).

**קאָכלעפֿל** — אַ קאָכלעפֿל.
(אויף איינעם, וואָס מישט זיך אין קהלשע זאַכן).

[illegible]

**קאָכן** — 1) זי קען קאָכן פאַר דרייען: פאַר זיך, פאַר דער קאַץ און פאַרן הונט.
2) מער האָט מען ניט געקאָכט!
3) קאָך, מאַך, פיש! (אָפּטאָן עפּעס אויף ניך)

**קאַלט** — 1) האָבן קאַלט און וואַרים.
2) אַ קאַלטער גזלן.
3) אַ קאַלטער לונג-און-לעבער.
4) אַ קאַלטער מלאך.
5) ס'איז מיר ניט קאַלט און ניט וואַרים.
6) קאַלטע פאַרפל. (וואר. - לאָקשן).
7) קאַלטע רפואות.

**קאַליע מאַכן** — 1) קאַליע מאַכן די גאַנצע שפּיל.
2) קאַליע מאַכן די מערכה.
3) קאַליע מאַכן דעם מאָגן.
(עס קען פאַרשאַדטן — אין איבערגעצראָגענעם זין).
4) קומט מאַלע און מאַכט קאַליע.

**קאָליר** — 1) אַ מיתה-משונה קאָליר.
2) ס'בייטן זיך אין אים אַלע קאָלירן.

**קאָמאַנדע** — באָסע קאָמאַנדע.

**קאָסטן** — 1) ס'קאָסט אים טייער!
(איראָניש. וואר. — פון שטיק! פון קראָם!)
2) ס'קאָסט אַ מאַיאָנטיק.
3) ס'קאָסט בלוט.
4) ס'קאָסט געזונט. (וואר. — און לעבן).
5) ס'קאָסט מיר אַ לאַך!
6) סקאָסט פינף פינגער מיט אַ כאַפּ.
(ענטפערט אַ גנב. ווערט אויך געברויכט ווען מע וויל אָנווייזן, אַז ס'איז עפּעס איינעם ווייער גרינג אָנגעקומען).
7) קאָסט דאָס!

**קאָפּ** — 1) אַ געמאַכטער קאָפּ. (אַ דריי-קאָפּ).
2) אַ מענטש אָן אַ קאָפּ. (אָן אַ זכרון).
3) אָנדאַנקען (אָנווינטשן) אַ פולן קאָפּ.

2800

4) אָן קאָפּ, אָן לייב און לעבן.
5) אַ קאָפּ אָן מאַרך.
6) אַ קאָפּ פון אַ געפּגרטן מיניסטער.
7) האָבן אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס.
(וואר. — אויף זיך).
8) האָבן די קאָפּ. (שכל).
9) היגערשער קאָפּ. (ד. ה. — אַ שוואַכער קאָפּ)
10) האָבן מער אין קאָפּ ווי אין קעשענע!
11) זיין אָן אַ קאָפּ. (פון דאגות).
12) מאַכן מיט אַ קאָפּ קירצער.
(וואר. — נידעריקער, קעפּן).
13) מ'זאָל זיין מיט צען קעפּ!
14) פון קאָפּ ביז די פיס.
15) קאָפּ, גיב שכל!

**קאַפּען** — ס'קאַפּעט גאָלד.

**קאַץ** — 1) האָבן אַ קאַץ אין קאָפּ.
(ד. ה. אַ שלעכטן זכרון).
2) וואָס אַ קאַץ קען פאַרטראָגן אויפן עק
3) מיט די קעץ אויפן בוידים, מיט די מייז אין די לעכער!
(קאַטאָוועס, שטאַמט פון אַ פאָלקס-אַנעקדאָט)
4) מיין קאַץ איז נאָך ביי זיי אין גרוב.
5) צוויי קעץ אין איין זאַק.
(וואר. בער. — „קאַץ" 24).

**קאָרט** — 1) אַ פייפּיקע קאָרט. (אַ קאָרטנווערטל).
2) וואָס אין קאָרט שטייט!
(מיט אַלע חסרונות).
3) ס'איז אַ קאָרט! (וואר. — אַ קאָרטנשפּיל)
(ד. ה. אַ ריזיקע).
4) ס'שפּילט אַ קאָרט. (אַ קאָרטנווערטל).
ד. ה. — עס גייט גוט.

**קאָרפּנקאָפּ** — (פון די פּני).

**קאַרק** — 1) אַן אָפּגעטיטעטער קאַרק.
(אויף אַ געזונטן אַ גראָבן אַ דיקן).
2) געבן אין קאַרק.
(וואר. אין קראַגן, קאָלנער, קאַרקעטען).
3) זיצן (שטיין ליגן), אויפן קאַרק.

2826

**קאַשע** — 1) מאַכן אַ קאַשע.
2) קאַשע מיט באָצווענע.
(צונויפמישן זאכן וואָס האָבן ניט קיין שייכות)

**קדחת** — 1) יאָריקע קדחת.
2) מאַיאָווע קדחת.
3) עס האָט נאָך קיין קדחת ניט געהאַט.

**קדיש** — 1) אַ געדונגענער קדיש.
2) לאָזן אַ קדיש.
3) מ׳קען שוין זאָגן קדיש נאָך דעם!

**קהלשע** — 1) אויפן קהלשן חשבון.
2) אַ קהלשע קליאַמקע.
3) ס׳איז קהלשע.
4) קהלס לייט.

**קו** — 1) אַ מעלקעדיקע קו.
2) גאָטס קיעלע. (וואר.—בהמהלע).
3) משה רבינוס קיעלע. (וואר.-בהמהלע).
(אויף אַ תם).

**קוגל** — 1) מאַכן אַ גוטן קוגל פון עפעס.
2) שבת נאָכן קוגל. (וואר. נאָכן קאַלטן קוגל).

**קוועטשן** — קוועטשן די באַנק.

**קוידערוועריאַך** — (פאַרגרייזט פון קוידערוועלש).

**קוילענען** — 1) קוילענען אָן אַ מעסער.
2) קוילענען די קאַפּאָטע.
(איראָניש. ד. ה. טאָן אַ קנאַפּע רעה)
3) קוילעט מיר מיינע געגנדז!
(וואר. בער. „שוחט).

**קוילענען זיך** — (ד. ה. קריגן זיך).

**קויפ** — מיט אַ קויפ. (איבער און איבער).

**קויפן** — 1) ווי איך האָב געקויפט,
אַזוי פאַרקויף איך.
(ד. ה. ווי מ׳האָט מיר איבערגעגעבן,
אַזוי גיב איך איבער).
2) פון לעצטן דלות וועל איך דאָס קויפן!

**קול** — אַקול פון אַ שלייען.
(וואר.-פון אַ ווייערער אונערקע. איראָניש).

**קומען** — 1) איר וועט אַזוי גוט זיין קומען
שבועות צו די בלינצעס,

2854

2) געקומען ניט געבעטן,
אַוועק ניט געטריבן.
3) קומען צו גאָט! (מ׳קען אַלץ פאַרלירן).
4) קומען צום אויסשפייען.
(וואר. — צו „עלינו", צום סוף
וואר. בער. „אָנקומען")

**קונד** — אַ וואַרשעווער קונד.

**קונץ** — 1) ווייזן קונצן.
2) מאַכן דעם קונץ. (שטאַרבן).
3) ניט וויסן פון קיין קונצן.

**קוקן** — 1) אַ מינטערניש צו קוקן! (עס גרוילט).
2) ניט קוקן אין יענעמס ווינקל.
(וואר.-זייט).
3) קוקן אויף די הענט.
(וואר.-אויף די פינגער. ווארטן מ׳זאָל
עפעס געבן).

**קורץ** — 1) אויף קורצע יאָר.
2) קורץ און גוט.
3) קורץ און שמאָל.
4) קורץ און שאַרף.
5) קורץ אין סטאָן.
6) קורץ דערפון.
7) קורץ פרייטיק.

**קוק** — מיטן קוק מאַכט ער דאָס.
(וואר.—ווערט דאָס ביי אים).

**קוראַזש** — שטעלן זיך אין קוראַזש.

**קושן** — 1) איך האָב נאָך די מזוזה ניט געקושט!
(ד. ה. ביסט נאָך פון מ׳ר ניט פטור געוואָרן)
2) מ׳דאַרף אים קושן זיינע הענט.
(וואר.-צעקושן די גלידער, די ביינערלאַך)
3) קושן אַ בעדער.
(וואר. אַ בער; אַ בער אונטערן הײדל,
אַ בער אונטערן עק, אַ בער אונטערן פאַרטאַך).
4) קושן די רוט.

**קטורת** — געבן שמעקן קטורת.

**קידוש־השם** — גיין אויף קידוש־השם.

2879

**קיום** — האָבן אַ קיום.

**קײלעכדיק** — 1) אַז אַ טאָרבע פּלעקער איז קײלעכדיק, איז די לבנה שפּיציק. (וואר. א לעבל ברויט).

2) אַזוי ווי אַ טאָרבע פּלעקער איז קײלעכדיק!

(בײ א אומנעלוונענעם פּארגלײך).

3) מאַכן קײלעכדיק.

**קײען** — 1) געבן קײען שטרוי.

2) צעקײען און אַרײַנלײגן אין מויל אַרײַן

(אויף אײנעם, וועלכער באַגרײפט זײער ווײניק)

3) קײ און שפּײ.

4) קײען די ערד.

(ליגן אין דר׳ערד; האָבן צרות, ניט האָבן קײן אויטוועג).

**קײקלען זיך** — קײקלען זיך פאַר געלעכטער

**קינד** — 1) אַ טאַטנס אַ קינד.

2) בײ זײן מאַמען איז ער אַ קינד.

3) זײן אַ קינד פון דער היים.

(וואר. א היימעניק).

(די היים איז אויפן גנבישן לשון די תפיסה, א קינד פון דער היים הײסט א מענטש, וואָס האָט קײן מורא ניט פאַר דער תפיסה)

**קינאה** — קינאה־שינאה.

**קינות** — זאָגן קינות. (קלאָגן)

**קיצבה** — נעמען קיצבה.

**קישקע** — 1) אַ קישקע אָן אַ דעק.

(אויף א פרעסער)

2) קישקע מיט צוואָראַך.

(אויף דעם, וואָס עסט פלײשיקע מיט מילכיקע צוזאַמען).

3) קצבישע קישקע.

4) שלעפּערשע קישקע.

**קלאָג** — 1) אַ קלאָג אין די יאַטקעס!

(אויף אַנישער אויסנעשרײ).

2) אַ קלאָג צו די יאָרן!

(אויסדרוק פון ביטל).

2900

3) די קלאָג איז פאַרטיק!

4) האָבן די קלאָג.

**קלאָגן** — 1) אויף דעם קלאָגט דער נביא!

2) קלאָגן אויפן בינטל יאָרן.

**קלאָגמוטער** — (א בעל־בכי).

**קלאַפּ** — טויט־קלאַפּ.

**קלאַפּן** — 1) אַ קלאַפּ אין הויקער.

2) ניט אַ קלאַפּ טאָן אַ פינגער אָן אַ פינגער.

3) ס׳קלאַפּט נאָך אַן אָדער.

(פאַרגלײך, „עס ציטערט נאָך א גליד״).

**קלוג** — 1) זײן אַ קלוגער און אַ שײנעדיקער.

(ד. ה., א צו קלוגער).

2) קלוגע יאַרמלקע. (וואר־היטעלע).

3) קליגער ווי פרימער.

**קליאַק** — דעם קליאַק פון די בײנער.

(וואר.־מארך, קלײ).

**קלײבן** — 1) קלײבן אַ גראָשן צו אַ גראָשן

2) קלײבן די צײנער.

3) קלײבן נחת.

4) קלײבן פאַר דער ווײב אויף אַ פאַרוק.

(אויף אײנעם, וואָס פארלאָזט לאַנגע האָר)

**קליגן** (זיך) — מ׳קען זיך ניט קליגן.

(מ׳קען ניט פאַראויסזען).

**קלײן** — 1) אַז איך בין געווען אַ קלײנינקער, בין איך געווען אַ שײנינקער.

2) ער איז ניט קלײן!

(לײכטערע פאָרם פון דעם ווערטל: „ער איז ניט קראַנק״—עפּעס צו טאָן).

**קלײניקײט** — אײן קלײניקײט!

(ס׳איז שוין נאָרניט קײן קלײניקײט).

**קלינגען** — ס׳קלינגט מיט אים די וועלט!

**קלינגער** — האָבן די קלינגערס.

(וואר.—די קלינגעדיקע; מטבע).

**קליפּערל** — מיט אַלע קליפּערלאַך.

**קללה** — אַ קללה פון גאָט!

2925

**קלעמען זיך** — איך וועל זיך אביסל קלעמען און וועל אויפהערן.
(ווען ס׳האָט אַ זאַך, וואָס ס׳אַרט ניט).

**קלעפּן** — 1) ס׳קלעפּט זיך צו אים!
2) ס׳קלעפּט ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.

**קנאַק** — מיטן קנאַק.

**קנאַקער** — 1) אַ גאַנצער קנאַקער.
2) אַ קנאַקער אָן אַ נון.

**קנאַקעדיקע** — (נייע אַסיגנאַציעס: האר. קנאַק—ווייער פּאָפּולער געוואָרן אין דער לעצטער צייט פון דער גרויסער ספּעקולאַציע מיט די פאַרשיידענערליי געלטן).

**קניפּ** — אַ קניפּ אין בעקל.

**קנייפּער** — אַ קנייפּער. (אַ קמצן).

**קנייפּן** — קנייפּן איז ניט שלאָגן, טונקען איז ניט טרינקען.
(שטאַמט פון אַ פאָלקסאַנעקדאָט).

**קניפּל** — 1) האָבן אַ קניפּעלע! (אָפּגעשפּאָרט געלטן)
2) מאַך זיך אַ קניפּל!
(אַלס סימן ניט צו פאַרגעסן).

**קנעלן** — (שווער אײַנטענען).

**קנעפּלען זיך** — (קרובען זיך).

**קענען** — 1) איך וויל אים ניט קענען!
2) פּעטער, מ׳קען אייך!
3) ער קען קיין אות ניט מאַכן.
4) קענען מערער פון אַ טויטן.

**קעסטקינד** — אַן אייביקער קעסטקינד.

**קעפּן זיך** — (שטאַרק קריגן זיך).

**קעקערע** — קעקערע לייט. (ר. ה. קלינערע).

**קער** — אַ קער פון אַ בער.

**קערן** — 1) ס׳קערט מיט אים די וועלט.
2) קערן די וועלט. (וואר. וועלטן).

**קעשענע** — 1) גיין די הענט אין די קעשענעס.
(ליידיק).

2949

2) ס׳איז ניט פאַר מיין קעשענע.
(ר. ה.—ניט פאַר מיר).

**קראַפּט** — ס׳גייט אין קראַפּט.

**קראַצן זיך** — 1) האָבן זיך צו קראַצן.
(ר. ה. — אַ צרה, פון וועלכער ס׳איז ניט אַזוי לייכט פּטור צו ווערן).
2) קראַצן זיך אין פּאה.

**קרוין** — אַ קרוין אויפן קאָפּ. (ר. ה.—אַ פּאַרך).

**קרום** — 1) ס׳איז ניט קרום. (ר. ה.—ס׳פּאַסט).
2) קרום און לאָם און הויקערדיק.
3) קרום און שטום.

**קרח** — מ׳דאַרף צו דעם האָבן קרחס אוצרות און מתושלחס יאָרן.

**קריגן** — 1) מ׳קען ביי אים קריגן מיט אַ שטיין אין קאָפּ. (וואָס מען איז אַ קאַרגן נגיד)
2) קריגן די פּלאָך. (די שלאַק).

**קרייען** — 1) אַ האָן האָט ניט געקרייט.
(ר. ה.—קיינער האָט אַ וואָרט ניט געזאָגט, ניט געוואוסט).
2) דעם האָן ווילט זיך קרייען.

**קריכן** — 1) געבן יענעם ס׳זאָל אין אים האַלדז ניט קריכן.
2) ס׳קריכט אים פון האַלדז.
(אַזוי פיל האָט ער).
3) קריכן אויף אַלע פיר.
4) קריכן אויף די גלאַטע (גלייכע) ווענט.
5) קריכן אונטער די נעגל.
6) קריכן אין די אויגן. (אין דער נרגרת)
7) קריכן פון הויט.

**קריעה** — רייסן קריעה. (אין איבערגעטראָגענעם זין)

**קרן** — אַלץ איז ביי אים אַ קרן!...
(אַלץ איז פאַר אים אַ האַנט, אויף אַלץ קוואַפּעט ער זיך).

**קרעפּל** — געבן מיט אַ קרעפּל אין קאָפּ.

2973

## ר.

**ראָזינקע** — ראָזינקעס מיט מאַנדלען!
(אויף זייער א גוטער וואָך).

**ראִיה** — 1) אַ ווייטע ראיה.
2) אַ נידעריקע ראיה.
3) אַ קורצע ראיה. (קורצזיכטיקייט).
4) אַ שאַרפע ראיה.
5) אַ שטאַרקע ראיה.

**ראיעל** — ראיעל ביז גאָר.

**ראַקאָם** — קריכן (ליגן) ראַקאָם.

**רב** — 1) געקנאָטן פון רבנים. (גרויסער יחוס)
2) וואו ער וועט זיין אַ רב, וועט אָפּברענען די שטעטל. (וואר. בער. „רב" 16).
3) מיר וועלן צום רב ניט גיין!
(מיר וועלן דורכקומען).

**רבי-געלט** — באַצאָלן רבי-געלט.

**רבנן-קדיש** — מ'קען שוין נאָך דעם זאָגן אַ רבנן-קדיש.

**רו** — אייביקע רו.

**רואה** — רואה זיין. (אכטונג געבן).

**רויט** — דער רבי ווערט רויטער, די פלעשל ווערט בלאַסער. (פון א אנעקדאָט).

**רוען** — רוען און ראַסן.

**רופן** — ס'ט אים רופן פישער!
(אין זין פון—רופן קנאקניסל).

**רחבות** — לעבן אין רחבות.

**רחל** — ברחל בתך הנאַקעטע. (פאר. פון הקטנה)

**רחמנות** — 1) דער אויבערשטער זאָל רחמנות האָבן!
2) לייגן דעם רחמנות.

**רחמנות האָבן** — רחמנות האָבן. (באַנעבעכן).
(איראָניש. וואר.-זיך דערבארימען)

**רחמים** — בעטן זיך רחמים.

**רייבן** — 1) רייבן און שווייגן.
(פון א פאָלקס-אנעקדאָט).



2) רייבן די הענט.
3) רייבן די זייטן.
4) רייבן די סעודה

**רייד** — ציגיינערשע רייד.

**ריידן** — 1) בלייבן אָן אַ לונג ריידנדיק.
2) גערעדט און געטאָן.
3) ניט אַזוי שיקט זיך, ווי עס רעדט זיך.
(ווערט געברויכט אין די פאָלקסמעשהלאך)
4) ריידן ווערטער. (קלאָרע דיבורים).
5) ריידן מיט אַ האַלבער מויל.
6) ריידן מיט גאָט.
(זיין זייער פרום. ווערט געזאָגט אויף א צבועק).
7) ריידן מיטן שבת-לשון.
8) ריידן פאַר פייער און פאַר וואַסער.
9) ריידן פון וועג.
10) ריידן פון בוך.
(וואר.—פון סידור, פון א זיכערער קוועלע)
11) ריידן צו דער זאַך.
12) רייד צו אים און רייד צו דער וואַנט, איז אַלץ איינס.
13) רייד צו דער וואַנט!
14) רייד צום לאָמפּ!
(איך הער דיך, הייסט עס, סיי ווי סיי ניט)
15) ריידן שיטערער.
(ד. ה.-ווייניקער, פאמעלאך).
16) קורץ גערעדט און גוט געמיינט

**רייכער** — ניט רייכער און ניט פרימער.

**רייסן** — 1) רייס אים די ציינער פון מויל!
(אויף א שלעכטן מענטשן, א קמצן).
2) רייסן אַ פּאַס. (באַרייסן).
3) רייסן די סטעליע.
(וואר.-זיך רייסן די נעגל, די האָר פון קאָפּ—פון צער, פארדרוס).

4) רייסן די פּאָלעס.
5) רייסן דעכער.
(ד. ה.-וויין ווייער פרום).
6) רייסן דעם ביסן פון מויל.
7) רייסן דעם שטראָם.
(ד. ה.-שווימען אנטקעגן שטראָם).
8) רייסן פּאַסנווייז.
9) רייסן פון די הענט.
10) רייסן פון טויטע און פון לעבעדיקע.
11) רייסן קברים.

**רייסן זיך** — 1) רייסן (כּייסן) זיך דעם פעלץ.
(ניט נעמען זיך צום הארצן).
2) די הויט רייסט אויף אים!
(אויף א שנאפער, א מארעס).

**רירן** — 1) ריר די אונטערשטע בערוועגע!
(אומטענלאך).
2) ריר דעם מויער! (אומטענלאך).

**רירן זיך** — 1) ס'רירט זיך פון אָרט ניט!

2) פּעקעלע, ניט ריר זיך!
(אזוי ניט מען דעם צווייטן אָנצו-
הערעניש, או מ'וועט אים אָן נעלט
די סחורה ניט אָפּגעבן).

**רעכט** — 1) ס'איז ניט רעכט. (מע טאָר ניט).
2) ס'וועט רעכט ווערן!

**רענדל** — 1) אָפּשיטן מיט רענדלאך.
2) אַ רענדל אַ בילעט.
3) אַ רענדל אַ לויט.
4) אַ רענדל אַ מינוט.

**רעשטע** — 1) אַ רעשטע באָבעס! (אידאָניש)
2) פון אַ קנעפּל רעשטע.

**רש"י** — וויסן וואָס רש"י מאַכט.

**רפואה** — 1) באַבסקע רפואות.
2) ניטאָ אַפילו אויף אַ רפואה.
3) ס'איז דאָ אַ רפואה דערצו.
(ס'איז דאָ א מיטל).
4) קאַלטע רפואות.
5) קנאַפּע רפואות.

**רשות** — נעמען רשות.—(בעטן אַן ערלויבעניש).



## ש.

**שאַדטן** — ס'וועט דיר צום שידוך ניט שאַדטן!

**שאַנץ** — 1) גיין אויף שאַנצן. (קלייבן נדבות)
2) כאַפּן אַ שאַנץ.

**שאַרבן** — אַ צעבראָכענער שאַרבן.
(א שברי-כּלי).

**שאַרן** — 1) מיט רידלען צו שאַרן.
2) שאַרן גאָלד.
3) שאַרן מיט די הויפנס.

**שאַרף** — (נעואלצן).

**שאַרפן** — שאַרפן די ציין.

**שבח** — 1) אָפּגעבן אַ שבח צום רבונו של עולם.
2) זיינע שבחים זיינען ניט אויסצו-
דערציילן.

**שבת** — 1) אַ פאַרשטערטער שבת.
2) מאַכן פאַר זיך שבת
3) נאָך שבת דינסטיק.
4) ס'איז מיין שבת און מיין וואָך.
(ווען מ'האָט נאָר איין בגד).

**שבת-חזון** — שבת-חזון קוילעט מען אַ האָן,
שבת-נחמו קוילעט מען אַ קו.

**שד (שֵדֶה)** — אַ שד זיצט אין אים!

**שדכן** — אַ שדכן מיט אַ שלומפּער

**שהיות** — מאַכן לאַנגע שהיות.

**שהי-פּהי** — פּטרן מיט שיה-פּיה.
(ד. ה.—מיט א קלייניקייט).

**שוואַך** — שוואַך צום חלשן.

**שוואכקייט** — ס'כאפט א שוואכקייט.
(עס הערט זיך נישט גוט).

**שווארץ** — 1) ס'איז שווארץ די גאס.
2) שווארץ אויף ווייס.

**שווארץ-יאר** — פארן שווארץ=יאר געפינט זיך.

אנמ. — ווייער אפט טרעפט, אז ווען א יד זאגט א ווערטל, גיט ער צו א מעשה אדער א וויץ דערצו. א סך ווערטלאך שטאמען פון יידישע וויצן. ביים פארשרייבן דעם דאזיקן ווערטל איז מיר אויסגעקומען צו הערן אזא וויץ:

אמאל איז געווען א חסידישער רבי, פלעגט ער און דרויסיק גילדן קיינעם נישט צונעמען. איינמאל קומט אריין צו אים זייער אן ארימע יידינע.

— וואס ווילט איר זאגן? פרעגט איר דער רבי.

— רבינקע, איך בין געקומען צו אייך נאכן עצה! און זי וויל שוין אים אויסדערציילן איר שווער געמיט. נאר דער רבי האט זי אבער אן דרייסיק גילדן נישט געוואלט אויסהערן. דאן האט די יידינע ארויסגענומען דרייסיק גילדן און האט אים דערלאנגט. דעם רבין איז די זאך קשה געווארן. - נעמט נישט פאר אומזיסט האט ער זי געפרעגט - איר זייט דאך אזוי ארים, ווי קומט צו אייך דרייסיק גילדן?

— וואס זאל מען טאן, רבינקע, האט געענטפערט די יידינע, „פארן שווארץ-יאר געפינט זיך!"...

**שווייבלען** — שווייבלען און גרייבלען.

**שוויגן** — 1) אפגעווישט די וואנצעס און געשוויגן.
2) מאכן א שוויג.



**שוויצן** — שוויצן און מאלינעס.

**שוויצער** — א שוויצער. (א טומלער).

**שווענקען** — שווענקען די מנוסה.
(ד. ה. — פיל טרינקען).

**שווער** — מיין שווער איז געשטארבן, מיין שוויגער מאטערט זיך.
(אזוי ענטפערט מען אין שפאס, ווען עמיצער הייסט זיך שווערן און מ'וויל נישט).

**שווערן** — 1) פאר זיך און פאר דער קאץ קען איך שווערן!
(ווען מ'וויל אנווייזן, אז אליין איז מען נישט שולדיק, אבער פאר קיין צווייטן קען מען נישט ערוב זיין).
2) שווערן זיך ביי באָרד און פאות.
3) שווערן זיך מיט טויטע שבועות.

**שויב** — ארויסנעמען א שויב פון איין פענסטער און אריינשטעלן אין א צווייטן.

**שוין** — 1) שוין געשפילט! (ד. ה. — שוין פארטיק).
2) שוין פון שול און פון קלייזל!
(שוין געענדיקט).

**שוך** — 1) א שוך און א קלייד.
2) גיין אין דער מאמעס שיך.

**שולדיק זיין** — שולדיק געווען דעם שווארץ=יאר א גאנג.
(ד. ה. — ארויסגעווארפן א גאנג).

**שול-קלאפן** — א שעה פאר שול=קלאפן.
(צו שפעט).

**שומר-המת** — שומר=המת, די קאץ איז געפגרט!
(ווערט געברויכט, ווען מ'זאגט עמיצן אן עצעם א זאך, פון וואס ער איז זיך מיינים מצער. פאראן אויך א קינדער-שפיל מיט דעם דאזיקן נאמען).

**שוסטער** — צווישן אלע שוסטער איז דער בעסטער שניידער יאסל דער סטאליער, ער מאכט א היטל ליגט עס אויפן קאפ ווי א הענטשקע.
(ביי בער. און ביי פיראוש. איז דא נאר א העלפט פון דעם דאזיקן ווערטל).

**שוסטער-גאַס** — אריין אין שוסטער-גאַס.
(חאר.-אָנשפארן...)

**שורה** — די אונטערשטע שורה.
(פארגל. מיט—דער סוף פסוק איז...)

**שור-הבר** — איינשלינגען (אויפעסן) דעם שור-הבר. (אויף א גרויסן פרעסער).

**שטאַבע** — א שטאַבע אייזן. (געזונט, שטארק).

**שטאַט** — האַלטן שטאַט.

**שטאָר** — האָבן די ליכטיקע שטאָר.
אויף בלינדע, וואָס מ'דערקענט ניט אין זיי זייער בלינדקייט).

**שטאָך** — אָן א שטאָך ארבעט.

**שטאָל** — האַלטן (שטיין) שטאָל און אייזן.

**שטאָפּן** — שטאָפּן און קראָפּן. (שטארק קארמען)

**שטאַרבן** — 1) כאָטש לייג זיך און שטאַרב!
2) מאַכן א שטאַרב.
3) מ'קען שטאַרבן קוקנדיק.
4) ער וועט מיט זיין טויט ניט שטאַרבן.
5) שטאַרבן פאַר יענעמס טויט.
(וואר.-אויסגיין, ד. ה.-זייער ליב האָבן).
6) שטאַרבן פון דעם קען מען ניט.

**שטאַרק** — 1) מ'קען ניט זיין שטאַרקער פאַר א לאָקשן-קוגל. (קאַטאָוועס).
2) שטאַרק—מויער-אייזן.

**שטוב** — 1) ניט צו עסן, ניט צו טרינקען, נאָר אין שטוב צו זיצן.
2) פון שטוב אין קאַמער! (זייער נאָענט)

**שטום** — א שטומע ליאַלע.

**שטיין** — 1) איך שטיי ניט אום דעם.
2) אין די ד' אַמות ניט שטיין.
3) ווי עס שטייט און גייט.
4) ער שטייט ניט אויף געלט, ער שטייט אויף דר'ערד.
(ער באַשטייט ניט אָן געלט).
(וואַרטשפיל צווישן שטיין און ש ט י י ן— אין דעם זין פון באַשטיין).
5) שטיין אויף יענעמס מזל.
6) שטיין אויף פּיקעט.
(ד. ה.-אויף דער וואַך).
7) שטיין בעסער פאַר א קאַליקן.
(קאַטאָוועס).

**שטייענדיק** — שטייענדיק וועט מער אריין.
(אַן ענטפער אויף דער פראַגע, פאַרוואָס מ'עסט שטייענדיק).

**שטיל** — שטיל, אַז א פאַרע הערט זיך ניט.

**שטילער** — 1) שטילער וואַסער.
2) שטילער וואָרים.

**שטינקעקניידל** — מאַכן א מאַגאַזין (א פאַבריק) פון געהאַקטע (געוועגטע) שטינקע-קניידלאַך.
(אויפגעבלאָזענע געשעפטן).

**שטיק** — 1) פון איין שטיק.
2) שטיק אין שטיק.

**שטיק** — 1) הינטישע שטיק.
2) קאָפּ-שטיק.
3) שמד-שטיק.

**שטן** — 1) ער איז דער שטן, ער איז דער יצר-הרע און ער איז דער מלאך-המוות.
2) שטן מקטרג.

**שטעכן** — 1) שטעכן די האָר פון קאָפּ. (פון צרות)
2) שטעכן די אויגן.

**שטעלן** — 1) שטעלן אַלץ אויף די פיסלאַך.
(ד. ה.-מאַכן פון אַלץ א חעזון).
2) שטעלן אויף די פיס.
3) שטעלן אין קאָן.

**שטעלן זיך** — שטעלן זיך אין פּאָסאָן.
(וואר.-אין קורטוש).

**שטענדעלע** — דער באָבעס שטענדעלע.
(ד. ה. א קלייד מיט א קורצן סטאַן, מיוּאָנט דאָס, ווען עמיצער טוט אָן אַן אַלטפרענקישן בגד).

**שטעקן** — ער שטעקט ניט. (ד. ה.-ער גיט ניט).

שטעקן — מיטן שטעקן אין דער בריית.
(שטעלן די פרצנע מיטן שטעקן אין דער ברייט.
ד. ה. שארף און קלאר, ребром).

שטשירען — שטשירען מיט די ציין.
(אויף איינעם, וואס לאכט אן א טעם).

שטרוי — 1) אויפהענגען אויף א איבערגעברענטן שטרוי. (א קאטאחעסדיקע שטראף).
2) א שטרוי אויפן נאז.
(וואגט מען, ווען עמיצער האט א לייכטע מניעה און ווייס זיך ניט ווי אן עצה צו געבן).

שידוך — 1) א גלייכער שידוך.
2) אויב אזוי, האב איך געטאן א גוטן שידוך!
(ד. ה.-געמאכט א גוט=געשעפט).
3) כ'וועל אים ריידן א שידוך מיטן מלאך=המוות'ס טאכטער.

שיטן — 1) שיטן געלט.
2) שיטן זאלץ אויף די וואונדן.
3) שיטן זאלץ אויפן עק.
(זע בער. „ווילן" 6).
(וועסט אים נארניט קענען טאן).
4) שיטן זאמד אין די אויגן.
5) שיטן שווארצע מאן.

שיטן זיך — עס שיט זיך שוין זאמד פון אים.
(ד. ה. ער איז שוין זייער אלט).

שיטער — שיטער און ביטער.

שיין — א שענערן לייגט מען אין דר'ערד.

שיין — ניט אנזען די ליכטיקע שיין.

שיכור — 1) איך בין נאך דערווייל ניט שיכור
(ווער.—איך האב נאך דערווייל קיין בראנפן ניט געטרונקען).
2) ביסט שיכור—טא גיי שלאפן!

שילטן — 1) שילטן אין טאטנס טאטן אריין.
2) שילטן מיט טויטע קללות.



שימחה—1) א שימחה אויף מיר!
(ווער.—אויף מיין כאבען!)
(זע בער. „גדולה").
2) בשימחה באבע.
(פאהאריע אויף—בשימחה רבה).
3) וואס איז מיט דיר די שימחה?
4) פון קיין שימחה האב איך קיין צער ניט.

שינדן — שינדן די הויט.

שיסל — מיר עסן (ווען) אלע פון איין שיסל.
(ד. ה.—מיר נעמען אלע אין איין ארט, פון איין מקור).

שיסן — שאשע, מ'שיסט!

שיסער — 1) א שיסער!
(איראניש. פאראדיע—א שייסער).
2) פלאקנשיסער! (דערוועלבער זין).

שיקן — 1) מ'האט ניט געשיקט נאך דיר!
2) מ'קען אים שיקן נאכן מלאך=המוות.
(אויף איינעם, וואס זאמט זיך לאנג).
3) ס'לאזט זיך שיקן.
(מ'לייגט זיך אויפן שכל)
4) שיקן נאכן בראדער שמש.

שכינה — די שכינה רוט אויף אים!

שכל — 1) א קינדערשער שכל.
2) דער שכל איז אויסגעוועבט (ווער.— אויסגעטריקנט) געווארן.
3) דער שכל איז אים ניט אויסגעדארט!
(ווער.—דער מוח).
4) לאנגע האר און קורצער שכל.
(א. מ. דיקס ערקלערונג, אז דאס איז א פארגרייזט ווערטל און שטאמט פון „לאנגע אהר", ווי מ'רופט דעם אייזל, וואס האט לאנגע אויערן, און געמאטערט פרנר. מיטן רוסישן
Волос долог, да ум короток)
5) ס'לייגט זיך אויפן שכל.
6) קוים צום שכל געקומען.

**שלאָגן** — 1) אַנדערע משוגעים שלאָגן יענעם
און ער שלאָגט זיך.
2) געשלאָגן אין דער פּרנסה.
3) דו שלאָגסט מיין יידן,
וועל איך שלאָגן דיין יידן!
(פון א פּאָלקס־אַנעקדאָט)
4) שלאָגן יענעם אַ בייל. (איראָניש).
(עס וועט אים חייניק האָס אָנרירן).

**שלאָגן זיך** — 1) שלאָגן זיך.
(לייען מיטן מראָפּ אויף „זיך".
מ'מיינט זיך, נית יענעם).
2) שלאָגן זיך קאָפּ אָן דער וואַנט.
3) שלאָג זיך דיין אייגענעם קאָפּ!
4) שלאָגן זיך מיט דער דעה.
(קווענקלען זיך, ניט קענען זיך
באַשליסן).
5) שלאָגן זיך אין האַרצן.
(וואר.-על־חטא).

**שלאַנג** — (אויף א שלעכטן מענטשן).

**שלאָס** — אויפהענגען אַ שלאָס אויפן מויל.

**שלינגען** — 1) שלינגען די ווערטער.
2) שלינג שטיקער,
ווערסטו ווערן דיקער.

**שלאָפן** — 1) שלאָף גיכער, מ'דאַרף די קישן!
(שפּאס. ווען מ'הייסט טאָן אַ זאך,
וואָס לאָזט זיך ניט אָפּטאָן).
2) גיי שלאָפן! (ד. ה.-טראָג זיך אָפּ!)

**שלל** — אַ שלל מיט גאָלד. (וואר.-מיט געלט).

**שלעפּן** — 1) שלעפּן. (טראָג. אויף אַ בעל־חי. אויך
אויף אַ שונא. פאַראַכטלאַך).
2) שלעפּ ניט, ס'איז ניט קיין פּגר

**שלשה** — שלשה דברים איז צוויי זאַכן.
(ד. ה. ס'איז צחוי באַזונדערע זאַכן).

**שמאָל** — האַלטן שמאָל.

**שמאלץ** — גאַ דיר דעם טעפּל און גיב מיר
די שמאַלץ!

3208

**שמד** — 1) ערגער ווי געשמדט.
2) ער האָט זיך שוין געשמדט אין
דער מאַמעס בויך!
3) ער וואָלט זיך שמדן פאַר אַ גראָשן
4) שמד־שטיק.

**שמונה־עשרי** — ער שטייט שמונה־עשרי.
(ד. ה.-ער רירט זיך פון אָרט נים)

**שמייסן** — 1) מ'דאַרף אים דערפאַר שמייסן!
(וואר.-ער איז חערט צו שמייסן).
2) מ'וועט דיך פאַר זיינע זינד
ניט שמייסן.

**שמיץ** — אַ שמיץ אין יאַנאָוויץ (שעמעניץ) היידא
אין באָד אַריין!
(מאָהיל. גוב.-ווען מ'ברענגט אַ משל, וואָס
קלעפּט זיך. ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט).

**שמעיה** — שמעיה בעל־פּרנסה.
(פון אַ פאָלקס־אַנעקדאָט).

**שמעלקע** — 1) זיין אַ גאַנצער שמעלקע.
2) זיין מיט יענעם אַ שמעלקע.

**שמענדרעהאָץ** — (וואר. שמיינער, שמענדריק, אַ
קנעלעכל, אַ מוינעניכטס, אַ תם).

**שמייסן** — 1) מ'דאַרף זיי לייגן איינעם אויפן
אַנדערן און אַזוי לאַנג שמייסן
דעם אייבערשטן, אַז ס'זאָל צוקו־
מען צום אונטערשטן.
(ווען צחיי טוען אָפּ אַן עבירה, און
וועלכער ווי ווייגען ביידע שולדיק, נאָר
פאַר וועלכער ס'קומט דעם ערשטן אַ
גרעסערער פּסק ווי דעם אַנדערן).
2) מ'וועט שמייסן מיט אייזערנע ריטער.
3) שמייסן מיט צוויי בייטשן.

**שמייע** — די שמייע רינט אים פון מויל.

**שמירן** — שמירן יענעם איבער דער וואָנצע.

**שמעקן** — 1) אַ שמעק טאַבאַק. (אַ קליינקייט).
2) געבן שמעקן ווייריך.
3) ס'שמעקט אים ניט!
4) שמעקן מיטן טויט.

3224

**שנאפס** — 1) געבן אויף אַ שנאַפּס.
2) מאַכן אַ שנאַפּס. (שנאַפּסנמאַכער).

**שנוידזיען** — אָנשטאָט דרעמלען, אַזוי ווי פּאָפּן אָנ= שטאָט שלאָפן).

**שניידער** — איך בין ניט קיין הינקעדיקער שניידער! (ד. ה. קיין שלים=מזל).

**שניידן זיך** — שניידן זיך אויף אַ...

**שניידן** — 1) כאַטש שנייד אים אויף שטיקער!
2) ס'שניידט ביים האַרצן.

**שם** — קליין שם-(קאָרטן).

**שעה** — 1) אַ בייזע שעה איז אויף מיר געווען!
2) אַ זייגערנע שעה.

**שעיר-לעזאזל** — זיין אַ שעיר לעזאזל.
(א כפרה=הינדל).

**שעמעדיק** — אַ שעמעדיקער חתן!
(א שעמעדיקע כלה).

**שעמען זיך** — שעמען זיך אין וויטן האַלדז.

**שענק** — דאָס איז מיין שענק און מיין קראָם (ד. ה.-דאָס איז מיין איינציקע פּרנסה שטאַמט פון יענער צייט, ווען דער שענק און די קראָם איז געווען די איינציקע יידישע פּרנסה).

**שער** — 1) אַוועקלייגן שער און אַייזן.
2) מיט שער און אַייזן.
(מיט אלץ מיטאנאנדער).

**שפּאַן** — אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן. (ד. ה.-וייער ענג)

**שפּאַן** — גיין אין שפּאַן. (ד. ה. שלעפּן דעם יאָך, טאָן די אַרויסגעלייגטע אַרבעט).

**שפּאַצירן**—זיי קענען גיין אונטערן טיש שפּאַצירן! (זאָגט מען אויף א נידעריק פאַר פאָלק).

**שפּאַרן** — שפּאַרן אין זיך. (וואר. אין די באקן).

**שפּייען** — זיך ניט לאָזן שפּייען אין דער קאַשע. (ד. ה. זאָגן א דעה. וואר. בער. „געבן“ 8.)

**שפּיל** — 1) אַ שפּיל פאַרן טייוול.
2) אַ שפּילכעלע!

**שפּילן זיך** — 1) איך האָב זיך מיט דיר אין צייכן ניט געשפּילט!
2) שפּילסט זיך מיט אים!
3) שפּילן זיך מיטן מלאך=המות.
4) שפּילן זיך מיט פייער.

**שפּיץ** — 1) אויפן שפּיץ מעסער. (וואר.-נאָפּל)
2) ס'ליגט אויפן שפּיץ צונג.
3) שפּיץ-קאָפּ.

**שפּע** — ס'קאָכט די שפּע! (אידאָניש) (ביי שווצבע געשעפטן).

**שפּרינגען** — 1) שפּרינגען אויף די ווענט.
2) שפּרינגען אין דער לופטן.
3) שפּרינגען פון די האַלאָבלעס.
4) שפּרינגען פון דער הויט.
(וואר.-אויסן הויט, זע „אַרויסשפּרינגען“)
5) שפּרינגען קדוש.

**שקאָרינקע** — ביי מיר איז אויך דרייצן גילדן אַ פונט שקאָרינקעס!
(ד. ה. איך בין אויך אַן אָרימאַן, ושעדנע אין אַ שטיקל ברויט).

**שקרוך** — ס'איז שקרוך מיט דעם! (עס גרוילט).

**שריד ופליט** — קיין שריד ופליט ניט געבליבן!

**שרייען** — 1) שריי היינט, שריי מאָרגן!
2) שרייען פון היינט ביז מאָרגן.

## ת.

**תהילים** — תהילים קאָסט טייער, מעמדות איז וועלוועלער!
(שטאמט פון א פאָלקס-אַנעקדאָט. א קאַר= גער גביר איז אמאָל געלעגן צו בעט געפערלאך קראַנק. איז מען געקומען צו אים און געפרעגט צי מ'זאָל זאָגן תהילים. פרעגט ער, וואָס וועט דאָס קאָסטן. זאָגט מען אים. דערהערט דעם מקח, רופט ער זיך אָפּ: תהילים איז צו טייער, אפשר וועט מעמדות וועלוועלער קאָסטן...)

**תּוך** — אין תּוך אריין.
וואר. אין תּוך נעמען. זע „גרונט".

**תּוכחה** — אויסשיטן די תּוכחה אויף עמיצנס קאָפּ.

**תּורה** — 1) זיצן על התּורה ועל העבודה.
2) מ׳קען די תּורה!
3) ער וועט טרעפן די תּורה.
4) תּורה און סחורה און געפּוצטע שטיוול,
5) תּורת לאָקשן. (פּאראָדיע אויף תּורת משה)

**תּחית־המתים** — ער וועט שוין קיין תּחית־המתים ניט אויפשטיין!
(ווען מ׳קרינט א שטארקן קלאפּ, אויף אן אָנזעצער, בכלל אויף איינעם, וואָס איז שטארק דורכגעפאלן).

**תּחת חרב** — מאַכן תּחת חרב.

**תּיקו** — תּיקו — בלייבט אַ קשיא! וועט קומען משיח און וועט פאַרענטפערן.

**תּירוץ** — 1) אָן אַ תּירוץ!
2) אַ תּירוץ פאַר דער באָבען!
וואר. בער. „תּירוץ"
3) קאָרמענען מיט תּירוצים.

3279

**תּכלית** — 1) זוכן תּכליתים.
2) מאַכן אַ תּכלית.
(אראָניש. ד. ה. בזעגען צו ניט איבערפירן).
3) קומען צו אַ תּכלית. (זיך באוואָרגן).

**תּכריכים** — שטאַרבן אין פרעמדע תּכריכים.

**תּכשיט** — 1) איינגעבן אַ תּכשיט. (א ספר־תּורה).
2) אַ שיינער תּכשיט! (איראָניש).

**תּל** — 1) מאַכן א תּל־עולם.
2) מאַכן פון יענעם אַ תּל.

**תּמעוואַטע** — מאַכן זיך תּמעוואַטע. (נעפּגרט).

**תּנא־ברא** — אַ שיינער תּנא־ברא
(פרגל. מיט תּכשיט)

**תּנועה** — פוילע תּנועות.

**תּענית** — 1) אַ געבאָטענער תּענית.
2) אַ גרינגער תּעניו
3) אַ שווערער תּענית

**תּקיף** — 1) אַ גאַנצער תּקיף
2) תּקיף אין מעמד.

**תּרגום־לשון** — דאָס איז פאַר מיר תּרגום־לשון.
(פרגל. מיטן רוסישן,
Китайская грамота).

**תּשובה** — נעמען אויף זיך אַ תּשובה.
(זיך פיינגן פאַר אן אפּקומעניש אויף אַ זינד).

3297

# פארגלייכענישן.

## א.

אויוון — ווי פון הינטערן אויוון. (שטיל, תמעוטטע).

אויסבאקן — אויסגעבאקט ווי אויף דער זון.

אויסגיין — אויסגיין ווי א ליכט.

אויסגעטאקט — ווי אויסגעטאקט.

אויסגעטריקנט — אויסגעטריקנט ווי א שפענדל.

אויסזען — 1) אויסזען ווי א בייזער יאר אויף אים.

2) אויסזען ווי א בייזער יאר אויפן לינקן זייט.

3) אויסזען ווי אן אפגעריבענער זעקסער.

4) אויסזען ווי א שעה פארטאג.

5) אויסזען ווי דער לינקער זייט קוימען.

6) אויסזען ווי דער שווארציאר.

(וואר. בער. „אויסזען" 7)

אויספירן — 1) אויסגעפירט ווי זאבלאצקי נא מידלא.

(א היסטאריש ווערטל אין רייסן).

2) אויספירן ווי אין טאג אריין.

(גלענצנד).

אויסציען זיך — אויסציען זיך ווי א לאקס.

אויסקומען - 1) אויסקומען ווי מיט-גאלד.

2) אויסקומען ווי מיט קרעפלפלייש.

(ווייער שפארעוודיק, קארג).

3) אויסקומען ווי מיט א בייזער שוויגער. (ד. ה. — ניט מיט גוטן, ניט מיט בייזן).

אויסקערן — אויסגעקערט ווי מיט א בעזים.

אויפדרייען זיך — (וואר. צוגויפדרייען זיך) אויפדרייען זיך ווי א בייגל.

אויפלויפן — אויפלויפן ווי א בארג.

אויפעסן — אויפעסן ווי א יאגדע.

אייגענע — ווי צום אייגענעם קאמאד.

איידל — איידל ווי א קניידל, גראב ווי א חזיר.

איינגעבויגן — איינגעבויגן ווי דער קרוק.

איינער — 1) איינער אליין ווי א האלץ.

2) איינער אליין ווי וואלקאלאפ.

(פארגרייזט פון וואלקולאק)

אן — ווי אן זיך. (פארלארן, נידערשלאגן)

אנגעמאסטן — ווי אנגעמאסטן.

אנזען — 1) אנזען ווי דעם לינקן אויער.

(וואר. בער. „זען" 2)

2) ניט קאנען אנזען ווי עבודה-זרה

אנזעצן זיך — אנזעצן זיך ווי א זאקוטניק.

אנטלויפן — 1) אנטלויפן ווי א ביבער.

2) אנטלופן ווי פון פייער.

(ווי פאר פייער).

אנעסן זיך — אנעסן זיך ווי א פויק.

**אנפאלן** — אָנפאַלן ווי אַ הונט.

**אנצינדן זיך** — אָנצינדן זיך ווי . אַ שוועבעלע.

**אנקומען** — אָנקומען ווי קריעת-ים-סוף. (וייער שווער).

**אנריידן זיך** — אָנריידן זיך ווי אַ פויק.

**אנרייצן** — אָנרייצן ווי אַ הונט.

**אפגעריסן** - אָפגעריסן ווי ליאַרווע. (וואר. ווי א שד; ליארווע - שלעפער, האנאבונד.

**אפגעשמיסענער** — ווי אַן אָפגעשמיסענער.

**אפהיטן** — 1) אָפהיטן ווי אַ פרומער ייד „אַשרי" צו זאָגן. (וואר.—תפילין צו לייגן).

2) אָפהיטן ווי דאָס אויג פון קאָפּ. (וואר.—ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג).

3) אָפּהיטן ווי דעם טאָג פון שבת (וואר.—האַלטן).

**אקס** — ווי אַ שטעכעדיקער אָקס.

**אראפ** — אַראָפּ ווי אַ שטיין פון האַרצן.

**ארבעטן** — אַרבעטען ווי אין טאַטשקעס.

**ארויסווארפן** - 1) אַרויסוואַרפן ווי דעם הונט.

2) אַרויסוואַרפן ווי פאַרן הונט. (וואר.—ווי איפן הונט).

**ארויסטרייבן** — אַרויסטרייבן ווי אַ הונט.

**ארויסרייסן** - ניט אַרויסצורייסן ווי פון היגטישע ציין. (וואר.-ווי פון הינטערשטע ציין).

**ארן** - ס'אַרט אים ווי די וואַנט. (וואר.-ווי די קאַץ).

**אריינפאלן** — 1) אַריינפאַלן ווי אַ היישעריק.

2) אַריינפאַלן ווי אַ יוון אין סוכה.

## ב.

**באב** — ווי באָב. (וייער א סך).

**באד** - ווי אין באָד אויפן פאָל. („וואר. בער. ליארים").

**באצאלן** — באַצאָלן ווי אַ טאַטע.

**ביטער** — 1) ביטער ווי גאָל.

2) ביטער ווי דער טויט.

**ביידע** — 1) זיי ביידע ווי משה מיט לייבען.

2) זיי ביידע — ווי אַנדערע צוויי. (וואר. — ווי יענע צוויי).

**בלאזן זיך** — בלאָזן זיך ווי אַ אינדיק.

**בלאס** — 1) בלאַס ווי אַ טוך.

2) בלאַס ווי די וואַנט.

3) בלאַס ווי קאַלך.

4) בלאַס ווי טויט.

**בעסער** — בעסער ווי געוואונטשן.

**ברויט** — 1) האָבן ברויט ווי לעקאַך, קינדער — ווי מאָן.

2) ווייל דער לעבל ברויט איז קיילעכדיק, גייען דערפאַר די קאַטשקעס באָרוועס. (בײַ ניט קיין פאַסיקן פאַרגלייך אָדער קל-וחומר).

**ברענען** — 1) ברענען ווי אויף פאָקן.

2) ברענען ווי אַ פייער. (וואר. — ווי אַ העליש פייער, זיין וייער ביין).

## ג.

**גוט** — גוט ווי די וועלט.

**גיין** — 1) גיין ווי אַ בער. (ד. ה.—אומגעלומפערט).

2) גיין ווי אונטער (הינטער) אַ וואַנט. (ד. ה. — שטיל).

3) גיין ווי צום טאַנץ.

4) ס'גייט אים ווי אַ צדיק אויף דער וועלט (וואר. — ווי אַ רשע אויף יענער וועלט).

5) ס'גייט ווי געשמירט.

6) ס'גייט ווי מצה-וואַסער.

**גיסן** — 1) גיסן ווי אויף אַן אויוון.
2) גיסן ווי אויף אַ שטיין.
3) ס׳גיסט ווי פון אַן עמער. (ווי מים עמערס).
4) ס׳גיסט ווי פון אַ צאַפּן.

**גלאַט** — גלאַט ווי סאַמעט.

**גלויבן** — גלויבן ווי יאָשע דעם טויבן.

**גלייך** — 1) גלייך ווי אַ ווירע.
2) גלייך ווי אַ סטרונע.
3) גלייך ווי אַ קאַטשערע. (איראָניש).

**גליקלאַך** — גליקלאַך ווי די ראַבע קאַץ.
(וואַר. ווי די סאַרע קאַץ; איראָניש).

**געבאָרן** — ס׳איז ווי געבאָרן. (צונעפּאַסט).

**געדיכט** — געדיכט ווי קאַשע.

**געדענקען** — 1) געדענקען ווי דורך אַ חלום.
2) געדענקען ווי נעכטן.

**געזונט** — 1) געזונט ווי אַ מויער.
2) געזונט ווי אַ פּויער.
3) געזונט ווי אַ שטיין.
4) געזונט ווי אַ (שמאַבע) אייזן.
5) אַזעלכע חלאים זיינען געזונט ווי די גוים.

**געזאַלצן** — 1) געזאַלצן ווי לויג.
2) געזאַלצן ווי ליאַק.
3) געזאַלצן ווי ראַפּע.

**געל** — געל ווי אַ מער.

**געלט** — 1) געלט ווי בלאָטע.
2) האָט געלט ווי גרויס ער איז.

**געלוסטן** — ס׳געלוסט זיך אים ווי אַ טראָגע־דיקער יידענע.

**געשוואָלן** — געשוואָלן ווי אַ באַרג.

**גערעכט** — גערעכט ווי די וועלט.

**גראָב** — 1) גראָב ווי אַ בודקע.
2) גראָב ווי אַ בעטשקע. (אַ פּאַס).
3) גראָב ווי אַ חזיר. (וע „איידל״).

**גרויס** — 1) אַ מינוט די גרויס.
2) גרויס ווי אַ געניץ.
3) גרויס ווי אַ הויף.
4) גרויס ווי אַ מילב.
5) גרויס ווי אַ מפּיל.
6) גרויס ווי אַן אַרבעס.
7) גרויס ווי אַ פעלד.
8) גרויס ווי דער שור־הבר.
9) גרויס ווי רוים.

**גרינג** — 1) גרינג ווי אַ האָר פון מילך.
2) גרינג ווי אַ פעדער.

## ד.

**דאַר** — 1) דאַר ווי אַ וואַנץ.
2) דאַר ווי אַ כאָרט.
3) דאַר ווי אַ שטעקן.
4) דאַר ווי אַ שפּאָן.

**דאַרפן** — דאַרפן ווי אַ לאָך אין קאָפּ.

**דין** — 1) דין ווי אַ האָר.
2) דין ווי אַ כאָרט.
3) דין ווי אַ שטרוי.

**דערעסן** — דערעסן ווי אַ ביטערע ציבעלע.

**דרייען זיך** — 1) דרייען זיך ווי אַ נאַר אויף אַ חתונה.
2) דרייען זיך ווי אַ פ... אין ראָסל.

3401

3428

# ה.

האַלט — 1) האַלט ווי אויגנווייטאָג
2) האַלט ווי פעפער אין נאָז.

האַלטן — 1) האַלטן ווי אַן אבן־טוב.
(וואר. — אַריינכאַפּן, אויסכאַפּן).
2) האַלטן ווי דעם טאָג פון שבת.
(„זע אָפּהיטן“).
3) האַלטן ווי דער גוי פון חזיר.
(וואר. - פון גלח, פון נעץ).

האַלטן זיך — 1) האַלטן זיך ווי שפּינוואַכץ.
2) ס'האַלט זיך ווי מיט ניכטערע שפּייאַכץ צוגעקלעפּט.

האַפּט — ס'האָט אַ האַפּט ווי אַן אייערקיכל.

האַקן — האַקן ווי אין קרויט.

האַרט — 1) האַרט ווי אַן אייזן.
2) " ווי אַ שטיין.
3) " ווי אַ מויער.
4) " ווי אַ שטאָל.
5) " ווי אַ פּאַדעשווע.

האַרץ — אַ האַרץ ווי אַ לאָקשנברעט.

האַרעווען — האַרעווען ווי דער אָקס אין סאָכע.

הויך — הויך ווי עוג מלך־הבשן.

הויל — הויל ווי די מאַמע האָט אים געהאַט.
(וואר. - ווי די מאַמע וואָלט אים איצט געהאַט).

הונגעריק — 1) הונגעריק ווי אַ הונט.
(וואר. — ווי אַ הונט אין ניין טעג).
2) הונגעריק ווי אַ וואָלף.
3) הונגעריק ווי דעם מילנערס חזיר. (אירטעש).

הודזען — ס'הודזיעט ווי אין אַ ברויז.

הוסט — ווי אַ הוסט אין אַ קרענק.

היטן — היטן ווי דעם גנב.

היטן זיך — היטן זיך ווי פאַר פייער.

הייזעריק — הייזעריק ווי די וואַנט.

הייס — הייס ווי אין אַ באָד.
(וואר. - ווי אין באָד אויפן פּאָל).

העלפן — 1) ס'קען העלפן ווי אַן אפיקומן צו קדחת.
2) ס'קען העלפן ווי אַ טויטן אַ פּאַקרישקע.
3) ס'קען העלפן ווי תהילים צו גע־שווילאַכץ. (וואר. בער.).

הערן — 1) הערן ווי אין פּוכאָוויטש די מגילה.
(פּוכאָוויטש — מינסק. גוב).
2) הערן ווי אין טראָק.
3) הערן ווי די קאַץ.
(ווי די רעבע קאַץ, ווי דעם קאָטער).
4) הערן ווי די לינקע פוס.
(ווי די לינקע פּיאַטע, פּאה).

# ו.

וואַלד — ווי אין אַ וואַלד. (אומיכער)

וואַסער — ס'איז דאָ ווי וואַסער.

וואַקסן — וואַקסן ווי אויף הייוון.

וואַרים — 1) וואַרים ווי אין אַן אויער
2) וואַרים ווי ביי אַ טויטן דער קאָפּ.

וואַרפן זיך — וואַרפן זיך ווי אַ פיש אין (וואר. אַ) וואַסער.

ווי — ווי מיילאַ נאַ פּאַסטילאַ (?)

ווייט — ווייט ווי אַ פרעמדער.

ווייך — 1) ווייך ווי טייג.
2) ווייך ווי פּוטער.

ווייכן — ווייכן ווי פון פעך.

ווייגאָרטן — ווי ביים טאַטן אין ווייגאַרטן.

וויינען — וויינען ווי אַ ביבער. (וואר. קלאָגן).

ווײַסן — ווײַסן ווי אַ קו פֿון מאַנטיק.
(וואר. - פֿון מיטוואָך).

וועלן — ווי אײנער וויל ניט שטאַרבן.

3196

ווערדע - 1) ס׳האָט אַ ווערדע ווי בײַ אַ פֿערד אַ צוקערלעקאַך, (וואר. בער. „סאָלדאַט" 2)
2) ס׳האָט אַ ווערדע ווי צען מאָל גאָרנישט.

---

## ז.

זאָגן — זאָגן ווי אַ וואַסער. (וואר. לײַענען).
זאַמד — ווי זאַמד און ערד.
זויער — זויער ווי עסיק.
זוכן — זוכן ווי מיט ליכט.
זיכער — 1) זיכער ווי בײַ זיך אינדערהיים.
2) זיכער ווי בײַ זיך אין קעשענע.
3) זיכער ווי גאָלד.
4) זיכער ווי מיטן טויט.

זיס — 1) זיס ווי צימעס.
2) זיס ווי האָניק.
3) זיס ווי לאַקרעץ.
4) זיס ווי מאַנדלען.
5) זיס ווי מײַנע צרות.
6) זיס ווי פּאַטעקע.
7) זיס ווי צוקער.

זיצן — זיצן ווי אויף שפּילקעס.

---

## ח.

חושך — חושך ווי די ערד.

חכמה — עס שיט זיך פֿון אים חכמות ווי פֿון אַ ציג באָבקעס.

---

## ט.

טאַנצן — טאַנצן ווי אַ מויז איבערן צימבל.
טויב — טויב ווי די וואַנט.
טײַער — טײַער ווי גאָלד.
טעם — ס׳האָט אַ טעם ווי אַ מויד אָן אַם.
(פּרגל. — „טאַכלית").
טראָגן — טראָגן ווי אַ פֿײַגעלע אין נעסט.
טראַגעדיקע — ס׳שמעקט אים (ס׳גלוסט זיך אים) ווי אַ טראַגעדיקער.

טראָפּן — ווי אײן טראָפּן וואַסער. (ענלעך)
טרוקן — 1) טרוקן ווי בײן.
2) טרוקן ווי צונטער.
3) טרוקן ווי צער.
טרײַסלען זיך - טרײַסלען זיך ווי אין אַ קדחת.
טרײף — טרײף ווי עבֿודה־זרה. (ווי חזיר).
טרעפֿן — טרעפֿן ווי אַ בלינדער פֿערד אין גרוב אַרײַן. (וואר. בער. „פֿערד" 2.)

3614

## י.

יוֹון — ווי פּאַר צען יוונים.

---

## כ.

כאַפּן — 1) כאַפּן אַ וואָרט ווי אַ הונט אַ ביין.
2) כאַפּן ווי פאַרן טויט.

---

## ל.

לאַקרעץ — ווי לאַקרעץ צו פלעצל.

לויפן — 1) לויפן ווי אַן אונטערגעשאָסענער.
2) לויפן ווי אַ פאַרסמטער.

ליגן - 1) ליגן ווי אַ פריץ. (ווי אַ גראַף, ווי מאָנאַרך)
2) ליגן ווי אַ שטיין.
(לינן — ניט האָבן קיין אָפּגאַנג).
3) ס'ליגט ווי אויגעגאָסן.

ליכטיק — ליכטיק ווי אין אַ לוסטעריע.

לעבן — אַ לעבן ווי אַ לעקאַך.

לעבן — 1) לעבט ווי אַ לעבעדיקער.
2) לעבן ווי אַ מאָנאַרכע.
(וואַר. ווי אַ גראַף).

לערנען - מען דאַרף אים לערנען ווי אַ בער פון וואַלד. (וואַר.—ווי אַ בער טאַנצן).

---

## מ.

מאַטערן זיך — מאַטערן זיך ווי פאַרן טויט.
(וואַר. — ווי דער רשע פאַרן טויט, ווי ביי אַ פלעבטן טויט).

מאכל — אַ מאכל ווי אַ מויד מיט אַ בייכל.
(פאַרגל. „טעם“)

מאַכן — 1) מאַכן ווי אין טאָג. (גוט).
2) מאַכן ווי בלאָטע.

מורא האָבן - 1) מורא האָבן ווי פאַר דער קאַץ.
2) ווי פאַר פאַראַיאָריקן שניי (פראָסט)

מזל — אַ מזל ווי אַ דראַנג.

---

## נ.

נאַס — נאַס ווי אַ קאַץ. (וואַר. — ווי אַ האָן).
3525

ניכטיק — בייטיק ווי אויגנהייטיק.
3536

---

## ס.

סאַפּען — סאַפּען ווי אַ גאַנדז.

---

## ע.

עלנט — 1) עלנט ווי אויפן וואַסער.
2) עלנט ווי אַ שטיין.

ענג — ענג ווי צו כפּרות.

עסן — עסן ווי נאָך אַ קרענק.

---

## פּ.

פּינקטלאַך — פּינקטלאַך ווי אַ זייגער.

פּנים — אַ פּנים ווי חוזק.

---

## פ.

פאָלגן — פאָלגן ווי די ראַבע קאַץ. (זע „הערן").

פאַלן — 1) פאַלן ווי אַ געהרגעטער.
2) פאַלן ווי אַ סנאָפּ.
3) פאַלן ווי אַ פלאַכע.
4) פאַלן ווי פליגן.
5) פאַלן ווי שפּענער.

פאַרגעסן — פאַרגעסן ווי אָן טויט.

פאַרדריסן — ס'פאַרדריסט מיר ווי איך וואָלט זיך שמדן.

פאַרפאַלן — 1) פאַרפאַלן ווי אין דעק.
2) פאַרפאַלן ווי אין וואַסער אַריין.

פאַרציען זיך — פאַרציען זיך ווי אַ קליין קינד.

פאַרשפּאַרט — פאַרשפּאַרט ווי אין אַ טורמע. (חאַר.-ווי אין אַ קרעפּאָסט, קרעטשמע)

פויל — פויל ווי אַן אויג.

8833

פידל — ווי אַ פידל אָן אַ שמיציק.

פיינט האָבן — 1) פיינט ווי אַ
2) פיינט ווי אַ ייד חזיר.
3) פיינט האָבן ווי אַ בעטלער אַ האַלבן גילדן. (איראָניש).
4) פיינט האָבן ווי אויגנווייטיק.
5) פיינט ווי עבודה-זרה.
6) פיינט ווי אַ חסיד אַ שיקסע. (איראָניש).

פירן זיך — פירן זיך ווי דער גראַף.

פעפער — ווי פעפער אין נאָז. (ב'שמעקט).

פרום — 1) פרום ווי די קאַץ. (חאַר.-ווי מיין קאַץ).
2) פרום ווי אַ שטעקן. (ווי אַ קאָטשערע).
(זע דעם אַרטיקל פון ביידין אין „יעהר. סטאַרינאַ"—פאַרגרייזטע שפּריכווערטער).

5667

# צ.

**צאנקען** — צאנקען ווי א ליכט.

**צוווארפן** — צוווארפן ווי א הונט א ביין.

**צוכאפן זיך** — 1) צוכאפן זיך ווי אן ארים-בחור צו לאטקעס.
2) צוכאפן זיך ווי נאך א קרענק.

**צולאזן** — צולאזן ווי דער חזיר.

**צושטיין** — 1) צושטיין ווי א קלעק.
2) צושטיין ווי א קליפה.
3) צושטיין ווי א זאקוטניק.

**ציטערן** — 1) ציטערן ווי א הונט.
2) ציטערן ווי א הונט אין קראפעווע. (ויטעבסק).

3589

3) ציטערן ווי יורקעס הונט.
4) ציטערן ווי פאר פייער.

**ציען** — 1) ציען ווי דער פערד צו דער טארבע.
2) ציען ווי דעם שיכור צום פלעשל.
3) ס'ציט ווי א מאגנעט.

**ציען זיך** — ס'ציט זיך ווי פון פעך.

**צעקוועטשן** — צעקוועטשן ווי א יאגדע.

**צרה** — צרות ווי האלץ. (און ניטא מיט וואס צו הייצן).

**צערייבן** — צערייבן ווי א וואנץ.

**צערייסן** — צערייסן ווי א הערינג.

**צעריען** — צעריען ווי א חזיר.

**צעשלאגן** — צעשלאגן ווי אן עפל.

# ק.

**קאזאק** — 1) ווי ביי א קאזאק א בייגל.
(וואר. — א צוקערלעקאך)
2) ס'פאסט ווי א קאזאק א זופיצע.
3) שאדטן ווי א קאזאק אן עין-הרע.
4) שמעקן זיך ווי א קאזאק.

**קאכן זיך** — 1) קאכן זיך ווי א שוסטער אין בולבע-קאשע. (קאטאוועס).
2) קאכן זיך ווי דער גזלן.
(ד. ה. — זיין זייער אין כעס).
3) ס'קאכט ווי אין א הוטע.
(וואר. — ווי אין א קעסל).
4) ס'קאכט ווי אין א מוראשניק.
5) קאכן ווי דער סמבטיון.
(וואר. — ניט רוען).

**קאלט** — 1) קאלט ווי אויף דרויסן.
2) קאלט ווי אין א לידאוונע.
3) קאלט ווי אין א פוסטינע.
4) קאלט ווי אן אייז.
5) קאלט ווי א שטשאוויע.

**קארג** — 1) קארג ווי א חזיר
2) קארג ווי א צויג

**קוקן** — 1) ער קוקט אויף אים ווי א הונט אויף א רבין.
2) קוקן אויף יענעם ווי אויף א בערן.

**קלאגן** — קלאגן ווי אויפן חורבן.

**קלאר** — קלאר ווי א ייד אין אשרי.
(וואר. בער. „אשרי").

**קלאפ** — קלעפ ווי האגל. (וואר. — ווי דרשה-געשאנק).

**קלוג** — 1) קלוג ווי די וועלט.
2) קלוג ווי די יארמלקע.
3) קלוג ווי דער טאג.
4) קלוג ווי דער שווארציאר.
5) קלוג ווי המינקע.

**קליאמקע** — ווי א קליאמקע אן א טיר.

3616

**קלײבן** — 1) קלײבן װי אַ הונט בײנער.
2) קלײבן װי װערימדיקע אַרבעס.

**קלײבן זיך** — 1) קלײבן זיך װי ברוך אויפֿן יריד.
2) קלײבן זיך װי װיכנע דװאָשע קײן אַמעריקע.
(„װיכנע דװאָשע פֿאָרט קײן אַמעריקע"– בלאָשטײנס - אַן ערציילונג, װאָס איז אַמאָל נעװען זײער פּאָפּולער אין דער ליטע).
3) קלײבן זיך װי אַ נגיד אויף אַ קרענק.

**קלײדן** — ס'קלײדט אים װי אַ חזיר אַ נאָז-רינג.
(װאַר. – אַ האַלדז-באַנד, אַ װאַטע).

**קלעפּן** — ס'קלעפּט װי אַן אַרבעס צו דער װאַנט.

**קלערן** — 1) קלערן װי די גאַנדז...
2) קלערן װי די װעלט דרײט זיך.

**קענען** — קענען װי אַ בײזן שילינגער.
(װאַר. דערקענען)

**קריכן** — קריכן װי אַ װאָרים.

**קרעציק** — 1) קרעציק װי אַ חזיר.
2) קרעציק װי אַ צויג.

## ר.

**ראָװען** — ראָװען װי אַן אָקס.

**ראיה** — אַ ראיה װי גאָרנישט.
(װאַר. – װי צען מאָל גאָרנישט).

**ראַיעל** — ראַיעל װי בײ זיך אין קעשענע.

**רויט** — 1) רויט װי אַ צװיק. (װי אַ בוריק).
2) רויט װי בלוט.
3) רויט װי פּונק.
4) רויט װי פֿײער.
5) רויט װי צונטער.

**רײדן** — 1) ער רעדט װעגן דעם װי די װײבער װעגן צימעס.
2) רײדן װי פֿון אַ בוך. (װאַר. װי פֿון סידור)

**רײך** — רײך װי קרח. (װאַר. װי אַ גני).

**רײן** — 1) װי אַ חזירשע פּוס. (ד. ה.–זײער שמוציק).
2) רײן װי גאָלד.

**רײסן זיך** — 1) רײסן זיך װי אַ קאַץ מיט אַ מויז.
(װאַר. „שפּילן זיך").
2) רײסן זיך װי די (צװײ) קעץ.
(װאַר. װי הינט; װאַר. פֿער. „לעבן" 12

**ריכטיק** — 1) ריכטיק װי אין קוימען איז ליכטיק.
2) ריכטיק װי גאָלד.

**רירן זיך** — רירן זיך װי אַ בלײענער פֿויגל.
(„װאַר. בער. פֿויגל").

**רעכטס** — װי עפּעס רעכטס.

## ש.

**שװאַרץ** - 1) שװאַרץ װי האַלעװעשקע.
2) שװאַרץ װי אַ האַלקע.
3) שװאַרץ װי אַ זשוק.
4) שװאַרץ װי אַ מוראַשניק.
5) שװאַרץ װי אַ מורין.
(װאַר. װי אַ ציגײנער).
6) שװאַרץ װי די בראַנד.
7) שװאַרץ װי די סאַפּיכע.
8) שװאַרץ װי די ערד.
9) שװאַרץ װי מאָן.
10) שװאַרץ װי פּעך.
11) שװאַרץ װי קױל.

8636

8659

**שוויגן** — שווייגן ווי יורקעס הונט.

**שוויצן** — שוויצן ווי אין אַ באָד.
(וואר. — ווי אין באָד אויפן פאָל).

**שווער** — שווער ווי אַ שטיין.

**שטאָפן** — שטאָפן ווי אַ גאַנדז.

**שטאַרק** — 1) שטאַרק ווי אַן איבערגעבערע=
טער שטרוי.
2) שטאַרק ווי אַן אייערקיכל.
(וואר.-האַלטן זיך").
3) שטאַרק ווי אַ מויער.

**שטיין** — 1) שטיין ווי אַ באַדאַסטער.
2) שטיין ווי אַן אָפּגעשמיסענער.
3) שטיין ווי אַ גולם.

**שטיל** — שטיל ווי אַ קאָטינקע.

**שטעכן** — שטעכן ווי מיט נאָדלען.
(וואר.-ווי מיט שפּילקעס).

**שיין** — 1) שיין ווי גאָלד.
2) שיין ווי די זיבן זונען.

**שיינען** — 1) שיינען ווי אַ גילדערנער פינגערל.
(וואר. — בעבערל).
2) שיינען ווי אַ נייער.
3) שיינען ווי חיים בער אויף דער
לינקער זייט.

**שיטן** — שיטן ווי פון אַרבל.

3677

**שיטער** — שיטער ווי וואַסער.

**שיטן זיך** — שיטן זיך ווי זאַמד און ערד.

**שלאָף** — 1) שלאָף ווי אַ געטייטער.
2) שלאָף ווי אַ קליין קינד.
3) שלאָף ווי אַ שטרוי.

**שכל** — 1) אַזוי פיל שכל, ווי אין אַ קלויסטער
מזוזות.

**שכל האָבן** — שכל האָבן ווי די קאַץ.

**שלאָפן** — 1) שלאָפן ווי אַ געהרגעטער.
2) שלאָפן ווי אַ געוויקלטער.
3) שלאָפן ווי נאָך אַ באָד.
4) שלאָפן ווי נאָך אַ צימעס.

**שלעפן** — שלעפן ווי אַ קאַץ אַ מויז.

**שעמען זיך** — 1) שעמען זיך ווי אַ ציג אין קרויט.
(איראָניש, פרגל. מיט בער. "שעמען
זיך" 4).
2) שעמען זיך ווי אַ קאָזאַק.

**שפּילן זיך** — שפּילן זיך ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז

**שפּרינגען** — שפּרינגען ווי אַ ציג.

---

**האַלט** — האַלט ווי גאָלד.

**הויל** — הויל ווי אַ קאַטויל.

**וואַרטן** — וואַרטן ווי אויף משיחן.

3697



# ווינטשעניש, ברכות, און שבועות.

## א.

אויסהיטן — זאָל ער (נאָט) אויסהיטן! (חטר. — באהיטן). (גאָט באהיט!).

אויסלעבן - זאָל איך אזוי אויסלעבן מיינע יאָרן (חטר.—זאָל איך אזוי אויסלעבן מיט אים די יאָרן!—א שבועה פון א פרוי).

אויסגעריכט ווערן.

אייבערשטער – 1) געלויבט דער אייבערשטער

2) דער אייבערשטער זאָל איינהיטן! (שומר ומציל זיין!).

3) דער אייבערשטער זאָל געבן! (חטר.—זאָל צושיקן).

4) דער אייבערשטער זאָל געבן אונז בעסערס און אייך גרעסערס!

5) דער אייבערשטער זאָל שענקען דאָס שטיקעלע (חטר. דאָס ביסעלע) געזונט!

איינגנס — מיין איינגנס זאָל איך דאָס האָבן! (ווטר.—האָט דאָס איינגנס!).

איינהיטן — איין גאָט זאָל (מען) איינהיטן! (דער אייבע.־שטער זאָל זיך דערבארימען!).

אָנווערן — מער ווי דאָס זאָל איך ניט אָנווערן!

אָנזאָגן — מ'זאָל אָנזאָגן דורך אַ גוי!

אָסור — אָסור זאָל מיר זיין!

אָפּגעבן — ביי אייך אָפּצוגעבן! (אן ענטפער איף א וואונטש).

אָפּגעשיידט — זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט! (פיים דערמאָנען א געשטאָרבענעם)

אָפּדינען — 1) אין אַ גוטן אופן אָפּצודינען!

2) ביי אייך אָפּצודינען! (אן ענטפער איף אוואונטש).



## ב.

באגראָבן ווערן — זאָל איך באגראָבן ווערן! (שבועה).

באַקומען — זאָל אים וואויל באַקומען!

בייז — 1) די בייזע שעה זאָל ניט זיין!

2) קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאַטן!

3) קיין בייז זאָל ווייטער ניט זיין!

ברכה — אַ ברכה און הצלחה אויף דיין קעפּעלע!

## ג.

גוט-יאָר — 1) גוט-מאָרגן — גוט-יאָר!
2) דעם גוטן יאָר צו דיר!
3) האָב אַ גוט יאָר!
4) זאָל איך אַזוי האָבן אַ גוט-יאָר!

גוטס — 1) זאָל איך אַזוי זיין אין גוטס!
2) זאָל איך אַזוי זען גוטס!

גליק — 1) זאָל זיין מיט גליק!
2) מיט גליק, מיט שטריק, מיט בענדלאַך געבונדן! (קאַטאָוועס)

גן-עדן — אַ ליכטיקן גן-עדן זאָל ער האָבן!

געהאַלפן ווערן — זאָל איך אַזוי געהאָלפן ווערן!

געהרגעט ווערן — זאָל איך געהרגעט ווערן! (שבועה)

געזאָגט געוואָרן — אויף מיר געזאָגט געוואָרן!
(װאר. — אויף װעמען געזאָגט געוואָרן?).

געזונט — 1) אַ געזונט אין דיר!
2) אַ געזונט אין דיין דרויבע.
(װאר.-אין דיין פופיק!-שפאס).
3) אַ געזונט אין דיין קאָפּ!
(אין דיינע הענט!).
4) אַ געזונט אין דיין חכמה! (שפאס).
5) געזונט זאָלט איר זיין!
(װאר. געזונט און שטארק זאָלט איר זיין!)
6) זיי געזונט! (אויך אין װען-דאָס צופרידע-נאָט און מיט דיר!).
7) פאַרבלייב געזונט!
8) פאָר געזונט!
9) צו געזונט!
10) צו געזונט, צו לעבן, צו לאַנגע יאָר!
(װען אַ קינד ניסט דריי מאָל).
(פאַראָדיע-געזונט צו לעבן, צו לאַנגע יאָר!
צו געזונט, צו לעבן, צו קורצע יאָר!)
(צו לאַנגע תאָר!)
11) קום געזונט!

גרינג — זאָל אים די ערד גרינג זיין!

## ד.

דאַכטן — 1) ניט אויף מיין מאָס געדאַכט!
2) ניט דאָ געדאַכט!
(װאר. צען מאָל ניט דאָ געדאַכט!)
3) ניט היינט געדאַכט!
4) ניט פאַר מיר געדאַכט!
(װאר. דיר, איר, אים, זיי געדאַכט).
5) ניט פאַר קיין יידן געדאַכט!
6) ניט פאַר קיין מענטשן געדאַכט!

3728

דינען — זאָלן אים די הענט דינען!

דערלעבן — 1) דערלעבט איבעראַיאָר!
2) דערלעבט איבעראַיאָר אַלע אינגאַנצן!
3) זאָל איך אַזוי דערלעבן מאָרגן!
(װאר. דערהערן).

דערמאָנען — מ'זאָל דערמאָנען אין פריידן!

דערפרייט ווערן — זאָל איך אַזוי דערפרייט ווערן!

3746

## ה.

**האָבן** — 1) איך מעג דאָס האָבן אין דער האַנט!
(וואר. מיר מעגן דאָס ביידע האָבן!)
2) ווי מיר האָבן היינט שבת... אויף דער וועלט!

**היטן** — גאָט זאָל היטן (וואר. איינהיטן, אויסהיטן).
פון פייער און פון וואַסער און פון איר מויל! (וואר. און פון לייטישע מיילער).

**הלוואי** — הלוואי איבעראַיאָר אַלע אינגאַנצן!
הלוואי ווייטער! (וואר. ניט ערגער!
פאַראָדיע: הלוואי ווייבער!)

**הן** — אויף מיין הן! (שבועה)

**העלפן** — זאָל מיר אַזוי גאָט (וואר. דער אייבערשטער) העלפן!

**הערן** ווי ער הערט ניט, אַזוי זאָל אים ניט שאַדטן!

## וו.

**וואָג** - די וואָג (די מאָס) גאָלד (טול) זאָל איך האָבן!

**ווינטשן** — 1) ס'איז אַ שונא ניט צו ווינטשן.
2) דער אייבערשטער זאָל אייך צושיקן, וואָס איר ווינטשט זיך אליין!

**וויסן** — 1) זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז!
(וואר. פון שלעכטס, פון צרות!)
2) זאָל איך אַזוי וויסן פון מיינע טראַנטעס!
(פאַראָדיע. פון פריערדיקן וואונטש).
3) דער גוטער יאָר וויים אים!

## ז.

**זיכער** — זאָל איך אַזוי זיין זיכער מיט וואָס, ווי איך בין זיכער מיט...

**זכות** — 1) אַ זכות זאָל זיך דערוועקן!
2) זיין זכות זאָל מיר ביישטיין!

**זכות-אָבות** — זכות-אָבות זאָל אים ביישטיין!

**זען** — 1) איך זאָל אַזוי זען אויף מיינע אויגן!
2) איך זאָל אַזוי זען די וועלט!
(וואר. די שיין).
3) איך זאָל אַזוי ניט זען (וואר. ניט אָנזען) קיין בייז! (וואר. קיין שלעכטס אין מיין שטוב).
4) אין קיין יידישע שטוב זאָל מען דאָס ניט זען!
5) ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן!
(בײַ ש. ע. אַ פאַראָדיע-ווי דו זעסט מיך אַ שטומעדיקן).

**זען זיך** — מ'זאָל זיך זען מיט פריילאַכע הערצער!

## ח.

**חופה** — זאָל איך אַזוי פירן צו דער חופה מיינע קינדער!

3759

**חסד** — דער אייבערשטער זאָל זיין חסד ניט אָפּטאָן, ער זאָל ווייטער טאָן זיין חסד!

3772

## ט.

טראָגן — 1) זאָל איך אַזוי טראָגן מתנות פאַר מיינע קינדער!
(א וואונטש פון טאַטע-מאַמע).
2) טראָג געזונטערהייט! (וואר. געזונט!)
3) מ׳זאָל טראָגן דיינע מתנות!
(וואר. דיין דרשה-געשאַנק)

טרינקען — מ׳זאָל טרינקען אויף שימחות!

## י.

יאָר — 1) א גוט יאָר צו דיר!
(וואר. — אויף דיר).
2) אויף לאַנגע יאָר זאָל ער זיין!
3) אַזאַ יאָר אויף מיר!
4) גוטע יאָרן דיר!
5) דיר צו לאַנגע (לעבעדיקע) יאָר!
(ביים דערמאָנען א בן-מת).
6) האָב איך די גוטע יאָר!
(די גוטע יאָר זאָל איך האָבן).

ייד — ווי איך בין א ייד!

יידישקייט — אויף מיין יידישקייט!

## ל.

לאַנג — ניט לענגער זאָל זיין (וואר. זאָל דויערן) דער יידישער גלות!

לויב — א לויב דעם אייבערשטן!
(וואר.-געלויבט דער אייבערשטער!).

ליגן — אויב איך זאָג ליגן, זאָל איך קראַנק ליגן!

לעבן — א לעבן אין אייך!

לעבן — 1) הונדערט מיט צוואַנציק יאָר זאָלסטו לעבן!
2) ווער זאָל אַזוי לעבן?
3) זאָל איך אַזוי לעבן!
4) לאַנג לעבן זאָלסטו!
(פאַראַדיע-„לאַנג הענגען זאָלסטו!")
5) מיין קאָפּ זאָל לעבן!
(ווען ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז דער מאָס רעדט, האָט עפּעס געטראָפן, אָדער פאַרווינשעוועט).
6) צייט איך לעב! (וואר. צייט איך לעב, צייט איך שטיי אויף מיינע פיס!)

לעבעדיקער — זאָל איך אַזוי זיין א לעבעדיקער!

## מ.

מוחל זיין — זאָל ער מיר מוחל זיין!

מזל — 1) אין א מזלדיקער שעה!
2) די וואָג (די מאָס) מזל זאָל איך האָבן!
3) דעם גוטן מזל מעג זי האָבן!
4) זאָל זיין מיט מזל! (וואר. מיט גליק).
5) מיט מזל זאָלט איר לעבן!
(אַן ענטפער אויף דער ווינטשעניש — „מזל-טוב"!).

מיצווה — זאָל זיין צו מיצווה!
(וואר. צו גרויס מיצווה זאָל עס זיין)

3790

3802

## נ.

אַכדעם — ס'זאָל שוין זיין אַ שעה נאָכדעם!
אמנות - 1 אויף הייליקע נאמנות!

2) אויף נאמנות! (וואָר. אויף מײַנע נאמנות).
3) אויף נאמנות פרנסה!

## ע.

עולם-הבא — אויף מיין חלק עולם-הבא!
ענדע — ביז מיין ענדע לעבן זאָל איך אַזוי...

ערגער — 1) ניט ערגער די ערדשטע נאַכט אין קבר!
(ביים נעניסן אַ גוטע זאַך).
2) ניט ערגער זאָל ווייטער זיין!

## פ.

פאַרלאַנג — זאָל ער מיר אַזוי צושיקן וואָס איך פאַרלאַנג!
פאַרמאָגן — פאַרמאָגט אַזוי פיל טויזנטער!
(זאָל איך דאָס פאַרמאָגן אַ צענט-חלק).
פאַרקרענקען — 1) פאַרקרענק איך דאָס אויף מיין גוף!
2) פאַרקרענק איך דעם גראָשן!
(וואָר. דעם האָר)!

פאַרשלינגען — דערמיט זאָל שוין די ערד פאַר-שלאָגן ווערן!
(וואָגט מען, ווען איינער שטאַרבט).
פוס — מיט דער רעכטער פוס!
פריי — זאָל איך אַזוי האָבן די פריי!
פריילאַכקייט — זאָל איך אַזוי האָבן פריילאַכ-קייט אין מיין שטוב!

## צ.

צוקומען — זאָל דאָס מיר (אים) צוקומען, וואָס אים פעלט!
צער — 1) אויב ס'איז מיר באַשערט אַ צער, זאָל איך אָפּקומען מיט דעם!

2 איך זאָל אַזוי ניט האָבן קיין צער פון מיין חיונה!
3) זאָל איך אַזוי צער האָבן.
(וואָר. קיין צער ניט האָבן).
4) קיין גרעסערן צער זאָל איך ניט האָבן!

## ר.

רו — זאָל ער ליגן אין זיין רו!

## ש.

שאַדן — חוץ זיין שאָדן אויף מיר געזאָגט געוואָרן!

שאַדטן — זאָל דאָס שאַדטן אַלע קראַנקע!

שטאַרבן — קיין יינגערע זאָלן ניט שטאַרבן!

שטיין — זינט איך שטיי אויף מיינע פיס!
(ר. ה. — ציים איך. לעב. זע „לעבן")

שטראָפן — זאָל גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד!

שימחה — 1) מ'זאָל גיין אויף שימחות!
2) מ'זאָל זוכה זיין זיך צו זען אויף אונזערע קינדערשע שימחות!
3) מ'זאָל טרינקען אויף שימחות!
4) עס זאָל זיין שימחות ביי יידן!

3831

שלוקערצן — זאָל זיך אים דאָרט גוט שלוקערצן!

שלעכטס — זאָל איך אַזוי קיין שלעכטס ניט האָבן אין מיין שטוב!

שעה — 1) אין אַ גוטער שעה צו ריידן, אין אַ בייזער (וואר. — אין אַ שלעכטער) צו פאַרשווייגן!
2) די שעה (וואר. די בייזע שעה) זאָל ניט זיין!

---

קינד — מיין טאַטע מיט מיין מאַמען זאָלן מיר ניט האָבן פאַר אַ קינד! (שבועה.)

3838



# קללות און חרמות.

אין טיפן ים זאָל דאָס פאַלן ;
(אַ יידיש ווערטל)

## א.

אוועקגעלייגט ווערן — 1) ווערט ער אַוועק-
געלייגט !

2) צייט ווערט ער
אוועקגעלייגט !

אוועקלייגן — אַ פייער זאָל אים אוועקלייגן !
(וואר. אַ דונער זאָל אים איינליינן).

אויג — זאָלן אים אַרויס די אויגן !

אויסברעכן — אויסברעכן די הענט מיט די פיס.

אויסגיין — וואָס ס'האָט געזאָלט זיין צו מיר,
זאָל אויסגיין צו זיין קאָפּ !

אויסגעדאַרט — אויסגעדאַרט זאָל ביי אים ווערן
דער מוח ! (וואר. דער שכל).

אויסוואַקסן — ניט אויסוואַקסן זאָל דאָס !

אויסלאָזן — וואָס איך האָב אויף מיין האַרצן,
וועל איך אויסלאָזן צו זיין קאָפּ.

אויסקרענקען - 1) אויסקרענקען וועט ער דער
מאַמעס מילך.

2) אויסקרענקען זאָל ער !

אויפוואַקסן — ניט אויפוואַקסן זאָל דאָס !

אויפשטיין — 1) ניט אויפשטיין זאָל ער !

2) ער זאָל פאַלן און ניט אויפשטיין !

אומגליק - 1) איין אומגליק איז פאַר אים ווייניק

2) אַן אומגליק אויף אים !
(וואר. אים אין די זייטן).

3) אַן אומגליק זאָל אים טרעפן ;
(וואר. באַגעגענען).

איינגעוואָרפן ווערן.

איינגעזונקען ווערן.

איינגעמען - 1) איינגעמען - (שטאַרבן, פאַראַכטלאַך).

2) איינגעמען אַ מיתה-משונה.
(וואר. די כאָלערע)

איינשלינגען — זאָלן זיי זיך איינער דעם אַנדערן
איינשלינגען און איינער מיטן
אַנדערן זיך דערווערגן !

אָנווערן — מער ווי זיין קאָפּ זאָל איך ניט
אָנווערן ! (וואר. פאַרלירן).

אָנטראָגן — דער קלאָג (דער שוואַרציאָר). האָט
אים אָנגעטראָגן !

אַנטשטומט ווערן !

אָפּברעכן — אָפּברעכן דעם קאָפּ.

אָפּדאַרן — אָפּדאַרן זאָלן די הענט !

**אפגעפליקט ווערן** —

**אָפגעריסן ווערן** — (פון דער וועלט)

**אָפנעמען** — אָפנעמען זאָלן אים די הענט מיט די פיס! (וואר. דער לשון).

**אקאַלויסע** — זיצן (ליגן, שטיין) אקאַלויסע. (צעזעצט ווערן).

**אראָפּ** — דער קאָפּ זאָל אַראָפּ!

**ארויס** — די געדערים זאָלן אים אַרויס! (וואר. די קישקעס, די נשמה).

**ארויסגעריסן ווערן.**

**ארויסגעפליקט ווערן.**

**ארויסגעצויגן ווערן.**

**ארויסגעשלעפּט ווערן.**

**ארויסטראָגן** — אַרויסטראָגן זאָל מען אים! (וואר. זיין קאָפּ).

**ארויספירן** — אַרויספירן זאָל מען אים!

**ארויספליען** — אַרויספליען זאָל די נשמה ביי אים!

**ארויסקריכן** — אַרויסקריכן זאָלן אים די אויגן! (פון קאָפּ).

**ארויסשלעפּן** — אַרויסשלעפּן זאָל מען אים! (וואר זיין קאָפּ).

# ב.

**באַגראָבן ווערן** –

**באַלעז** — אַ באַלעז זאָלסטו האָבן! (ד. ה. — אַ קראַנקייט. דאָס ווערטל, וואָס איז געוואָרן זייער פּאָפּולער פאַר מלחמה־צייט אין ווילנע, איז ארויס משמעות פון די שאַנד־היזוער).

**באַצאָלונג** — אַ באַצאָלונג זאָל ער האָבן!

**באַצאָלן** — גאָט זאָל אים באַצאָלן!

**באָקאָם** — זאָל אים אַרויס באָקאָם!

**בייזע** — 1) אַ בייזע נאַכט אויף אים!
2) אַ בייזע שעה אויף אים!

**ביימן זיך** — ווילסט זיך בייטן — מיינע קלאָגן אין דיינע זייטן!

**בילער** — אויף מיינע בילער געזאָגט געוואָרן!

**בלייבעניש** — ביי זיין בלייבעניש! (ווען מע דערמאָנט זיך אָן אַ שונא, וואָס איז ניט געווונט).

3883

**בענטשן** — גאָט זאָל אים בענטשן מיט דריי מענטשן: איינער זאָל אים האַלטן, דער צווייטער זאָל אים שפּאַלטן, דער דריטער זאָל אים באַהאַלטן. (פון אַ פאָלקס־ליד).

**בעסער** — 1) קיין בעסערן יאָר זאָל ער ניט האָבן! (וואר. מזל, מען א. א.)
2) קיין בעסערע קונדן זאָלט איר אַליין ניט האָבן! (צו אַ שלעכטן קונה)

**בראַנד** — 1) אַ בראַנד אין די קישקעס! (וואר. אין בויך, אין די געדערים)
2) אַ בראַנד זאָל זיך אַריינכאַפּן!
3) די בראַנד זאָל צופאַלן! (וואר. די שוואַרצע בראַנד).

**ברענגען** — די קלאָג ברענגט אים!

**ברענען** — 1) ברענט אויף אים די פעל!
2) ברענט ער!
3) ברענט ער אויף אַ יגענע האָלץ!
4) ברענט ער אויפן פייער!

3901

## ג.

**גוטס** — ניט האָבן זאָל ער קיין גוטס אין שטוב!
(װאָר. אויף זיין לעבן).

**גוף** — האָט ער דאָס אויף זיין גוף!
(װאָר. פאַרמאָגט ער דאָס!)

**גיין** — 1) גיין אויף קוליעס.
2) גיין אין דר׳ערד.
(װאָר. מיטן קאָפּ אין דר׳ערד).
3) גיין אָן קאָפּ. (װאָר. אָן א קאָפּ).
4) גיין א כפרה.
5) גיין וואו איך ווייס.
6) גיין כף־הקל.
7) גיין מיט א קלאָג. (מיט אלדע קלאָגן).
8) גיין מיט א פייער.
9) גיין צו אלדע שוואַרציאָר.
(אָז אלדע העלן, צו אלדע טייוול).
10) גיין צום טייוול.
11) גיין ק׳ביינעאַס.
(א פאַריידישטע „אין דער מטמען טריין").

**געהרגעט ווערן.**

**געזאָגט געוואָרן** — 1) אויף דיר געזאָגט געוואָרן!
2) אויף חיסטע וועלדער, אויף פוסטע פעלדער גע־זאָגט געוואָרן.
(װאָר. זאָל דאָס פאַלן)
3) אויף שטיינער געזאָגט געוואָרן! (א שלעכטער מזל).

**געזונט** — 1) אין זיין געזונט זאָל ער דאָס האָבן!
2) זאָלסטו אַזוי געזונט זיין!

**געמיט** — צו מיין געמיט זאָל ער קומען!

**געשוואָלן** — 1) געשוואָלן און געדראָלן ווערן!
2) געשוואָלן זאָל ער ווערן ווי דער באַרג!
3) זאָל ער נאָך פריער געשוואָלן ווערן!
4) צייט ליגט ער געשוואָלן!

**געשוויר** — 1) א געשוויר אין בויך! (װאָר. אין קאָפּ).
2) א געשוויר זאָל זיך אים שטעלן!

## ד.

**דאַכטן** — ניט געדאַכט זאָל ער ווערן!

**דאָקטאָר** — 1) א דאָקטאָר זאָל אים דאַרפן!
2) אויף דאָקטוירים זאָל ער דאָס אוועקגעבן!
3) קיין דאָקטאָר זאָל אים ניט העלפן!

**דאַרפן** — 1) דאַרפן אויף צען קלאָגן.
2) ניט דאַרפן זאָל ער לעבן!

**דינען** — די הענט זאָלן אים ניט דינען!

**דריען** — ס׳זאָל דיר אַזוי דרייען אין בויך מ׳זאָל מיינען, אז ס׳איז א קאַטערינקע.

**דערלעבן** — 1) איבעראיאָר ניט דערלעבן.
2) ניט דערלעבן אהעקצוגיין פון דעם אָרט.
3) ניט דערלעבן אויפצושטיין.
4) ניט דערלעבן זאָל ער!
(װאָר. חעט ער)
5) ניט דערלעבן מאָרגן.
6) ניט דערלעבן צו עסן.
7) ניט דערלעבן צו קומען.

**דערשטיקט ווערן** — 1) דערשטיקט און דער־וואָרגן ווערן.
דערשטיקט ווערן עסנ־דיק. (װאָר. מיטן ביסן).

## ה.

האָבן — 1) איך האָב אים אין דר׳ערד!
2) זאָלסט אַזוי האָבן דעם קאָפּ!
(וואר. די נאָז, די יאָרן)
3) זאָל ער דאָס האָבן (וואר. האָט ער דאָס) אויף זיין גוף! (וואר. אויף זיינע ביינער, אין זיין געזונט).
4) מיינע שונאים זאָלן האָבן און גראָבן!
5) ניט מער זאָל ער האָבן.
6) שטיינער זאָל זי האָבן, ניט קיין קינדער!

האַלט — איך האָב אים אַזוי האַלט, אַז איך וואָלט אים מיין טויט ניט געוּשאַלעוועט.

האַלטן — זאָל אים האַלטן פאַרן בויך!
(וואר. פאַר די ציין).

האַרץ — כאַפּט, אים די האַרץ!

העל — צו אַלדע העלן! (Hölle — ניהנום).

---

## ו.

וואַטעמאַכער — כאַפּט אים דער וואַטעמאַכער!
(שפּאַסיקע קללה).
וואר. דער רוח, דער קאַדיק).

וואַרפן — 1) וואַרפן זאָל אים איילנוויין!
2) וואַרפן זאָל אים די ניכפּע!
(וואר. קדחת, וואָס איך ווייס).

ווי טאָן — ס׳זאָל אים ווי טאָן און ס׳זאָל ניט אויפהערן!

ווייטיק — אַ ווייטיק אַין בויך! (אין האַרצן).

ווינטשן — זאָל דאָס אים אָנקומען, וואָס איך ווינטש אים! (צונויב — כאַפּט אַ האַלפּט, כאַפּט אַ צעטע־חלק!)

וויסן — ניט וויסן זאָל ער וואו ער וועט אַהינקומען!

---

## ז.

זאָגן — אויף דיר געזאָגט געוואָרן!

זאָכן — זאָכן און קרענקען.
(ווען עמיצער הורט איבער דאָס וואָרט „זאָגן“. דאָס וואָרט זאָכן האָט זיך נעבילדעט פון ווערטל „אַז אָך און וויי“)

זיצן — זיצן אין געהאַקטע וואונדן.

זען — 1) זאָל ער אַזוי זען די וועלט! (נישט).
2) מ׳זאָל דאָס זען, אויף אים!
(אויף שלעכטע נים, אויף חיסטע וועלדער, פוסטע פעלדער).

---

## ח.

חלום — אַלע בייזע (וואר. — וויסטע) חלומות צו זיין קאָפּ! (צו זען ליב און לעבן)

חתונה האָבן - חתונה האָבן מיטן מַלאך־המות (וואר. מיטן מלאך המוותעס טאָכטער)

## ט.

טויטער — זאָלסט קומען אַ טויטער!
(אַ קאַטאַוועסדיקע קללה).

טייוול — דער טייוול זאָל אים נעמען!
טרינקען — טרינקען זאָל ער פעך!

## י.

יאָר — 1) אַ בייזער יאָר אויף דיר,
אַ פינסטערער, אַ חושכדיקער!
2) אויף קורצע יאָר זאָל ער זיין!

3) אַזאַ יאָר אויף דיר!
4) אָפּגעריסענע יאָרן זאָלסטו האָבן!

## כּ.

כּפּרה — 1) אַ כּפּרה זאָל ער ווערן!
2) זאָל זיין (חאָר. זאָל ניין) אַ כּפּרה!

3) אַ כּפּרה פאַר מיר!
(וואָר. — פאַר אַלע יידישע קעפּ!)

## כ.

כאָלערע — 1) די כאָלערע ווייס!

2) די כאָלערע מעג אים נעמען!
(חאָר. — כאַפּן).

## ל.

לאָזן — לאָזן מיט בלוט.
לאַכן — לאַכן מיט בלוט און מיט אייטער.
ליגן — אויב דו זאָגסט ליגן, זאָלסטו קראַנק ליגן.
ליגן — 1) ליג אין דר׳ערד! (וואָר. וואו איך ווייס).

2) ליג אין דר׳ערד און באַק בייגל!
3) צייט ליגט ער אָן הענט און-אָן פיס!
לעבן — 1) זאָל ער אַזוי לעבן!
2) ניט מער זאָל ער לעבן!

## מ.

מאַטערן זיך - 1) זאָל ער זיך אַזוי מאַטערן מיט...
2) מאַטערן זיך ביזן טויט.
מאַכן — מאַכן מיט די זייטן. (מיט דער נשמה).
מזל - 1) אַזאַ מזל אויף אים! (וואָר. זאָל ער האָבן).

2) אַזאַ מזל אויף מיינע שונאים!
3) אַ פינסטערער, אַ ביטערער, אַ חושכדיקער, אַ קלאָגעדיקער, אַ שלעפּעדיקער מזל.

4) צו מיין מזל זאָל ער קומען!
(וואָר. צו מיין נעמיט, האַרצן).

5) קיין בעסערן מזל זאָל ער ניט האָבן!

**מזל־ברכה** — אַ מזל־ברכה זאָל אים דער אייבערשטער צושיקן אין זיין פעקעלע צרות!

**מיתה־משונה** — איינגעמען אַ מיתה־משונה.

**מכּה** — 1) אַ מכּה אין בויך!

2) אַ מכּה דעם גלח אין בויך!
(אַ קינדערשע קללה—בשעת מיקלינגט אין קלויסטער־גלאָק).

3) כ׳וויל אים ווינטשן פון די צען מכּות די בעסטע.

**מלאך המות** — דער מלאך המות זאָל אים צונעמען פון דער וועלט!
(וואָר. — זאָל ווי אין איר פאַרליבן).

## נ.

**ניט** — אויב ניט, זאָל מען דיר פאַרשטאָפּן מיט קיט! (ווערט געברויכט אויך ווי אַ שבועה).

**ניכפּע** — 1) אַ ניכפּע זאָל אים כאַפּן!
(פאַרצאַפּלען)

2) די ניכפּע זאָל אים וואַרפן.

**נעמען** — 1) נעמען זאָל אים די ערד!
(וואָר. וואָס איז וויס).

2) נעמען זאָל אים פאַרן בויך!
(פאַר די ציינער).

**נשמה** — די נשמה פון אים!

## ע.

**עסן** — 1) ווערים זאָלן אים עסן זיין פלייש!
(ווין לייב).

2) עסן זאָלן אים ווערים!

**ערד** — 1) אין דר׳ערד אַריין!

2) די ערד נעמט אים ניט!

3) זאָל ער דאָרט טיפער אין דר׳ערד זינקען! (זינן)

4) מיטן קאָפּ אין דר׳ערד!

5) קאָפּ אין קעסטל, קעסטל אין דר׳ערד!

## פּ.

**פּלאָץ** — קריגן זאָל ער די פּלאָץ!

**פּלאַצן** — פּלאַצן זאָל בייַ אים די גאַל!

## פֿ.

**פֿאַלן** — 1) אויף זיין קאָפּ זאָל דאָס פֿאַלן!

2) פֿאַלן זאָלסטו און ניט אויפשטיין!

**פֿאַרגעלט ווערן** — פֿאַרגעלט און פֿאַרגרינט ווערן.
(אַן ענטפער אויף אַ פֿאַרערונג פֿון געלט).

**פאַרגינען** — ווער ס'פאַרגינט אים ניט,
זאָל אַליין ניט האָבן.

**פאַרגעסן** — גאָט זאָל אָן אים פאַרגעסן!

**פאַרדרייען** 1) פאַרדריי זיך אַליין דעם קאָפּ!
2) פאַרדריי מיט די פיס!
(אָן ענטפער דעם וואָס זאָגט „איך חי״ל״)

**פאַרדרייטע** — האָבן פאַרדרייטע יאָרן!

**פאַרזאַרקעט ווערן** — (שרייענדיק).

**פאַרטשיבעט ווערן** — (שרייענדיק).

**פאַרכאַפּט ווערן.**

**פאַרצאַפּלט ווערן.**

**פאַרקרענקען** — 1) פאַרקרענקט ער דאָס!
2) פאַרקרענקט ער דאָס אַף
זיין גוף! (כּיינער)

**פאַרשטערן** - פאַרשטערטע יאָרן זאָל ער האָבן!

**פאַרשפּאָרן** — (אויפצושטיין).

**פייער** — 1) אַ פייער אַף דעם! (אים).
2) אַ פייער אין זיין בויך!
(וואר. — אָן אינעווייניקסטער פייער).
3) אַ פייער זאָל (מען) אים אָנצינדן!
(פאַרברענען).
4) אַ פייער זאָל (מען) זיך אַריינכאַפּן
אין זיין שטוב!

**פינסטער** — 1) פינסטער און ביטער!
2) פינסטער זאָל אים זיין זיין
וועלט!
(ווינע יאָרן, ווינע טעג).

**פראַנצן** — פראַנצן זאָלן אים עסן זיין לייב!

**פרעגן** — אויפשטיין זאָלסטו בײַ מיר פרעגן!

# צ.

**צעוועצט ווערן.**

**צעפּלאַצט ווערן** — (עסנדיק).

**צעקאַכט** — ווערן צעקאָכט און צעבראָטן.

# ק.

**קאָפּ** — 1) אויף זיין קאָפּ זאָל דאָס פאַלן!
2) גיין זאָל ער אָן קאָפּ!
3) צו זיין קאָפּ, צו זיין לייב און לעבן!

**קדחת** — 1) איך האָב פאַר אים דאָס דריי־
יעריקע קדחת!
2) די יאָריקע קדחת!
3) מאַיאָווע קדחת!

**קויל** — אַ קויל זאָל אים טרעפן!
(וואר. — די ערשטע קויל).

**קלאָג** — 1) אַלדע קלאָגן צו זיין קאָפּ,
צו זיין לייב און לעבן!
2) אַ קלאָג אין בויך! (אין זייט, אין קאָפּ).
3) אַ קלאָג צו אים!
4) אַ קלאָג צו איר מזל!
5) די קלאָג נעמט אים ניט!
6) די קלאָג צום טייטש!
(אַ קאָרטנווערטל בשעת ס'האָט 65 און
ס'פעלט אין „אויג״ צו 66. מ'שילט דעם
טייטש, ווייל ער האָט אויסגעטראַכט דעם 66)
7) ס'מעג נאָך אים אַ קלאָג פאַרגיין!

**קליינינקער** — ער האָט געדאַפּט אַ כפּרה ווערן
אַ קליינינקער!

**קענען** — קיין גוטער ייד זאָל אים ניט קענען!

**קראַמף** — אַ קראַמף אין בויך! (וואר. אין די קישקעס).

קראַנק — ביסט ניט קראַנק!
קרענק — גיב אים אַ קרענק!
קרענקען — 1) אַזוי לאַנג קרענקט ער!
2) זאָל יענער קרענקען!
3) קרענקען אין נחת!
4) קרענקען און גערענקען!

## ר.

ראַמאַטעס — ראַמאַטעס אין די פּיאַטעס!
רוח — 1) אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין!
2) כאַפּט אים דער רוח!

ריצנאייל — אַזוי פיל ריצנאייל זאָל ער אויסטרינקען!
רירן זיך — ניט רירן זאָל ער זיך פון אָרט!

## ש.

שונא — צו מיינע שונאים!
(וואר. צו מיינע שונאים׳ס קעפּ!).
שונאי־ישראל — אַף שונאי־ישראל געזאָגט געוואָרן!
(אויכנערעדט — סאָנעסראַל).
שונאי־ציון — אַף שונאי־ציון געזאָגט געוואָרן!
שכל — זאָלסטו אַזוי האָבן דיין נאַרישן שכל!
שעה — אַ בייזע שעה אויף אים!
שפּילן זיך — מיטן מלאך־המות זאָלסטו זיך שפּילן!
שרייען — 1) פּאַרצאַפּלט ווערן שרייענדיק!
2) צעזעצט ווערן שרייענדיק!
3) צעפּלאַצט ווערן שרייענדיק!
4) שרייען אויף די ציינער!
(אויף די גילדער).
5) שרייען אויפן בויך!

4079

וואַרפן — ס׳זאָל דיר וואַרפן פון איין בעטל אין דער אַנדערער!
(אַ קאַרגער נגיד האָט אַמאָל ניט געוואָלט געבן קיין נדבה, האָט אים דער אָרימאַן גענומען שילטן, רופט זיך אָפּ דער נגיד: איך האָב שוין געהערט אַלע קללות, סיידן אַז דו וועסט מיר זאָגן אַ נייע קללה, וועסטו דאַן באַקומען אַ נדבה.
דאַן האָט צו אים דער אָרימאַן אַזוי געזאָגט: דו זאָלסט האָבן 60000 הייזער, און יעדער הויז 60000 דירות, און יעדער דירה — 60000 צימערן, און יעדן צימער 60000 בעטלעך, און עס זאָל דיך וואַרפן פון איין בעטל אין דער אַנדערער...)

4085

# פאלקס־סימנים, גלויבנס, סגולות און זאבאבאנעם.

## א.

**אהינטער** — א קינד טאָר ניט גיין אהינטער; וויפיל טריט ער מאַכט, אזוי פיל יאָר וועלן זיינע עלטערן זיין אין גהינום.

**אונטער** — אונטער א בעט טאָר מען קיין מאכל ניט אנידערשטעלן.

**איילן זיך** — אז עס פאַלט אַרויס דער ביסן פון מויל, איז אַ סימן, אַז מע איילט זיך צו דיר. (וואר. בוכב. 5).

**אל תפתח פה לשטן** — (ביים דערמאָנען עפעס א צרה).

**אליין** — 1) א געווינעריך, א חולה און א חתן טאָר מען ניט איבערלאָזן אליין אין שטוב.

2) מיטוואָך ביינאַכט איז א סכנה צו גיין איינעראַליין.

**אמת** — ווען איינער ניסט בשעת מע דערציילט עפעס, איז אַ סימן, אז די דערציילונג איז אמת. (נענאָסן ביים אמת).

4092

**אפיקומן** — 1) אַז מע הענגט אויף אין שטוב א רעדעלע פון אפיקומן, וועט קיין שרפה ניט זיין.
(וואר.—קיין אומגליק ניט טרעפן).

*) 2) אַז מע לייגט אַריין אין קאַסטן שטיקלאַך אַפיקומן, וועלן די מייז קיין שאָדן ניט מאַכן אין שטוב.
(דער סימן וואקסט פון א לץ. ער האָט אַודאי געזאָגט אויף הגדה: אזוי ווי נאָך דעם אפיקומן טאָר מען שוין קיין מאכל ניט עסן, אַלזאָ ווען די מייז וועלן אויפעסן דעם אפיקומן, וועלן זיי שוין נאָכדעם נישט טאָרן עסן קיין אנדער זאַך פון דער שטוב).

**אָרימקייט** — 1) מע טאָר אויף קיין ברויט ניט טרעטן—עס ברענגט אָרימקייט.
(וואר.—אז מע טרעט אויף ברעקלאַך פון ברויט, וועט מען אומגיין איבער די הייזער).

2) מ׳טאָר זיך מיט ברויט ניט וואַרפן—עס ברענגט אָרימקייט.

4096

*) די סימנים, וואָס זיינען באַצייכנט מיט א שטערנדל, זיינען געזאַמלט פון א. בוכבינדער („הויזפריינד“ 1888) די דערקלערונגען זיינען אויך זיינע.

## ב.

**באַגעגענען** — 1) אַז מע באַגעגנט אַ גלח, איז אַ שלעכטער סימן.
2) אַז מע באַגעגנט אַ פגר, איז אַ גוטער סימן.

**באַנייען זיך** — *) אַז מע דערזעט אויף די נעגל פון די פינגער ווייסע סימנים, וועט מען זיך דאָס יאָר מיט עפּעס באַנייען.
(וואָרום ווען עס ווייזן זיך ווייסע פינטלאַך אויף די נעגל, פאַלן מיט דער צייט די נעגל אַראָפּ און עס וואַקסן אָן אַנדערע, אַלזאָ — אַזוי ווי מע באַנייט זיך מיט אַנדערע נעגל, קען מען זיך אויך באַנייען מיט אַנדערע מלבושים).

**באָרוועס** — אינדערפרי טאָר מען ניט גיי באָרוועס.

**ביינאַכט**-*) 1) ביינאַכט טאָר מען אַליין צום וואַסער ניט גיין.
*) 2) ביינאַכט טאָר מען ניט דערמאָנען דאָס וואָרט „בית־הקברות“ — מ'דאַרף זאָגן — ניט אַנטקעגן נאַכט געדאַכט.
(איבער דעם טעם „אל תפתח פה לשטן“, וואָרום ביינאַכט, גלויבט דער עולם, זיינען שולט די מזיקים. איבער דעם דאָזיקן טעם טאָר מען אויך ניט שילטן קיין קינדער ביינאַכט).
*) 3) ביינאַכט. טאָר מען ניט קוקן אין שפּיגל, מ'טאָר זיך נישט קעמען און נישט אויסקערן די שטוב.
*) 4) ביינאַכט טאָר מען ניט רייד[ן] און דערציילן מעשיות וועגן מתים.

*) 5) ווען איינער גיסט עפּעס אויס ביינאַכט, זאָל ער דריי מאָל זאָגן „היט זיך!“

**ביסן** — *) 1) אַז מע גיט יענעם אַוועק דעם לעצטן ביסן, זאָגן יידישע קינדער, וועט שטאַרבן אַ שלעכטער מענטש.
(כּדי איינצופלאַנצן אין די יידישע הערצער פון די יונגע קינדער די מדה פון רחמנות, זי זאָלן יענעם אַוועקגעבן אפילו דעם לעצטן ביסן פון מויל און אים נישט לאָזן פאַלן).
*) 2) אַז עס פאַלט אַרויס ביי אַ בחור אָדער ביי אַ חתן דער ביסן פון מויל, איז אַ סימן, אַז זיין כלה איז הונגעריק.
(דאָ פעלט נאָך די פאַר ווערטער „ווייל זי האָט קיין צייט ניט צו עסן“. דער סימן, מיינען מיר, נעמט זיך דערפון: אַזוי ווי דער ביסן קאָן נאָר דעמאָלט אַרויספאַלן פון מויל, ווען מ'עסט פאַרטראַכטערהייט אָדער ווען מ'איילט זיך זייער און אַזוי ווי חתן־כלה היטן דאָך אַ זיווג, אַלזאָ, וואָס עס פּאַסירט מיט דעם חתן, דאַרף אויך פּאַסירן מיט דעם זיווג).
*) 3) מע טאָר ביי יענעם דעם לעצטן ביסן ניט צונעמען, ווייל מע נעמט ביי אים צו דאָס געזונט.

**בית־הקברות** — ווען מ'גייט פון בית־הקברות, טאָר מען זיך נישט אומקוקן צוריק.
(כּדי ניבער צו פאַרגעסן דעם טויטן).

## ג.

**גאַסט**—*) 1) אַז איינער פאַרהוסט זיך ביים עסן אָדער ביים טרינקען, איז אַ סימן, אַז ער וועט היינט ריידן מיט אַ גאַסט.

(אַזוי ווי ווען מ׳דערזעט ביי זיך אַ גאַסט, פאַרגעסט מען פאַר פרייד אָן אַלע אַנדערע, וועלכע געפינען זיך אַרום אים. און דאָס פאַרהוסטן זיך ביים עסן אָדער ביים טרינקען קומט אויך דערפון, וואָס מע פאַרגעסט זיך אויף דער מינוט, וואָס מע טוט. אַלזאָ נעמט זיך דערפון דער דאָזיקער סימן).

2) אַז די קאַץ וואַשט זיך (אויף דער שוועל פון דער טיר) וועלן געסט קומען.

3) אַז מ׳ליגט ראַקאָם, וואַרט מען אויף געסט. (קאַטאָוועס).

4) אַז עס פליען פונקען פון סאַמאָ־וואַר. (פון אויוון בשעת מע הייצט) וועט קומען אַ גאַסט.

5) אַז עס שטעלט זיך אַ טיי אין גלאָז, איז עס אַ סימן אויף אַ גאַסט אָדער אויף אַ בריוו.

**גנבה**-*) אַז עס טרעפט אַ גנבה אין שטוב, און מע וויל וויסן, ווער דער גנב איז, זאָל מען אַריינשטעקן ביידע שפיצן פון אַ שערל אין אַ זיפּ און אָננעמען דאָס שערל ביי ביידע אויערן און אַ צווייטער זאָל אָנהייבן פרעגן די זיפּ, ווער עס האָט געגנבעט, דערביי זאָל ער אויס־רעכענען זיינע אַלע באַקאַנטע, שכנים און שכנות, און ביי וועלכן נאָמען פון אַ מענטשן די זיפּ וועט זיך אַ ריר טאָן, איז דער, דאָזיקער דער גנב.

(דער סימן האָט זיך געקאָנט נעמען פון פאָלגנדעס: אין אַ הויז איז געשען אַ גנבה. דער גנב איז געווען אַ היימישער מענטש. אַלע האָבן געוואוסט, אַז ער האָט דאָס געגנבעט, נאָר מע האָט נישט געהאַט קיין שטאַרקייט דאָס אים צו זאָגן אין די אויגן. איז איינעם איינגעפאַלן דער איינפאַל מיט דער זיפּ. און דער גנב איז אויך געשטאַנען דערביי. איינער האָט אויסגעפרעגט ביי דער זיפּ אויף אַלע מענטשן, וואָס פלעגן אַריינקומען אין שטוב. נאָר ווי ער איז צוגעקומען צום נאָמען פון רעכטן גנב, האָט ער בכיוון אַ שטופּ געטאָן דאָס זיפּל מיט אַ פינגער, און ווי נאָר דער גנב האָט געזען, אַז דאָס זי האָט זיך ווירקלעך אַ ריר געטאָן, ווען מ׳האָט אויסגערופן זיין נאָמען, האָט ער דאָס באַטראַכט פאַר אַ איבער־נאַטירלעכע זאַך און האָט זיך באַלד מודה געווען). (פאַרגל. מיט דער מעשה — אויפן גנב ברענט דאָס היטל).

**געלט**—*) 1) אַז מע דערזעט פלוצים אויפן פריפּעטשיק (אָדער אין ווענ) אַ בלויען פלאַם פייער, זאָל מען באַלד כאַפּן אַ פאַנטאָפל און אים אַריינ־וואַרפן אין דעם דאָזיקן פייער, וועט זיך באַלד ווייזן אויף דעם אָרט אַ גאַנצער אוצר מיט געלד. קוים אָבער זאָגט מען נאָך איינעם פון דעם דאָזיקן פלאַם, ווערט ער באַלד פאַרשוואונדן און עס הערט זיך אַ קלאַנג אין דער ערד ווי פון געלד.

*) 2) אַז מע זעט ביינאַכט אין אַ קעלער אַ שרעטעלע מיט אַ רויט קאַפּע־לושל, זאָל מען באַלד דערפון אַראָפּכאַפּן דעם קאַפּעלושל און

דאָס פאַרברענגען, וועט דאָס שרעטעלע ברענגען געלט וויפיל מ'וויל, ווארים ער וועט אַלץ מיינען צו באַקומען צוריק זיין שאָדן.

*) 3) אַז מע לאָזט איבער אַליין אַ קינד אין שטוב, (ביז 13 יאָר) טאָר מען ניט, ווען מ'קערט זיך אום צוריק, אָנרופן דאָס קינד ביי זיין נאָמען בשעת מע קלאַפּט אָן אין טיר ער זאָל עפענען. ווארום עס קאָן זיין, אַז ער האָט דערזען אין שטוב אַן אוצר און ער קלייבט געלט און קוים רופט מען אים אָן ביים נאָמען, ווערט דער אוצר מיט דעם קינד צוזאַמען פאַרשוואונדן אין דער ערד. (שטאַמט פון אַ מעשה).

*) 4) אַז עס בייסט די דאָלאָניע פון דער רעכטער האַנט, וועט מען ציילן געלט.

(דער סימן נעמט זיך פון פאָלגנדעס: ווען מ'וויל איינעם איבערקויפן אויף זיין זייט, נאָר מ'קען דאָס אים ניט זאָגן אָפן איבער אַנדערע מענטשן, וואָס געפינען זיך ביי אים, נעמט מען ביי אים די רעכטע האַנט און מע קיצלט אים אינדערשטיל אין דער דאָלאָניע, פאַרשטייט שוין יענער, וואָס מע מיינט. דערפון נעמט זיך דער אַבערגלויבן, אַז ווען עס בייסט די דאָלאָניע, איז עס אַ סימן אַז מ'וועט ציילן געלט).

געלזוכט — 1) אַז מע טרעט אָן אויף אַ לויז מיט אַ באָרוועסע פוס, באַקומט מען געלזוכט.

2) אַז מע קוקט אַריין אין אַ פאַס וואַסער, באַקומט מען געלזוכט.

## ד.

דונערן — אַז עס דונערט, טאָר מען זיך נישט שטעלן אונטער אַ דאַך אָדער אונטער אַ רינע, ווארום דאָרט באַהאַלטן זיך דעמאָלט די שדים, קענען זיי נאָך מזיק זיין דעם מענטשן.

דורכגיין — מ'טאָר ניט דורכגיין צווישן צוויי ווייבער, צוויי הינט, צוויי ביימער, צוויי חזירים, צוויי שלאַנגען.

דירה — *) 1) אַז מע ציט זיך אַרויס פון אַ דירה, זאָל מען דאָרט עפּעס איבערלאָזן פאַר אַ זכר, אַ צוואַק זיין וואַנט אָדער עפּעס אַנדערש, זאָנסט טאָר מען זיך אַהין נישט צוריק אַריינציען.

*) 2) אַז מע ציט זיך אַריין אין אַ נייער דירה, דאַרף מען אַהין פריער פאַר אַלץ אַריינטראָגן ברויט מיט זאַלץ.

3) אַז מע קומט צו איינעם אין אַ נייער דירה, דאַרף מען אים ברענגען צוקער.

דערמאָנען — 1) אַז עס הייבט אָן פּלוצים קלינגען אין די אויערן (אין רעכטן אויער) איז אַ סימן, אַז מע דערמאָנט דיך.

(וואָר. — מע רעדט וועגן דיר).

*) 2) ווען איינער הייבט פּלוצלונג אָן צו שלוקערצן, איז אַ סימן, אַז מע דערמאָנט אים ערגעץ. און ווען ער הייבט אָן אויסצורעכענען זיינע אַלע באַקאַנטע מיט די נעמען, וועט ער זיך ענדלאַך אָפּשטעלן אויף דעם דאָזיקן, וואָס דערמאָנט אים, און וועט אויפהערן צו שלוקערצן.

(דעם סימן איז זייער לייכט צו דערקלערן, ווייל ביז וואַנען ער וועט אויסרעכענען זיינע אַלע באַקאַנטע, וועט ער אין דער צייט שוין אויפהערן צו שלוקערצן).

## ה.

**האלטן זיך** — 1) אז עס האלטן זיך קיין קינדער ניט, מעג מען נעמען ביי אן אנדער מענטשן א מטבע (גרייצער) עס זאל הייסן, אז מע פארקויפט דאס אים.

2) כדי קינדער זאלן זיך האלטן, זאל מען זיי ניט געבן קיין שיינע נעמען.

**הבדלה** — אז מע שמעקט פון דער הבדלה, איז עס א סגולה פון א שלעכטן ווינט.

**הון** — 2) אז א הון האט געלייגט צוויי אייער אין איין טאג, דארף מען זי באלד קוילען.

2) אז א הון האט געקרייעט ווי א האן, דארף מען איר דעם קאפ צעהאקן איף דער שוועל.

**הונט** — *) אז הינט ווילן איינעם בייסן, זאל ער זאגן: „אזוי ווי עס איז אין מיין גוף 716 ביינער פון קדושה, זיינען זיי מבטל 716 ביינער פון טומאה" און זאל אנטלויפן.

**הושענא-רבה** *) 1) אום הושענא-רבה ביינאכט שפאלט זיך דער הימל און ווען איינער האט צייט אויסצושרייען אין דער רגע זיין וואונטש, ווערט עס באלד מקוים.

(דערצו ווערט נאך דערציילט, אז איינער האט אין דער רגע פארגעסן און האט אנשטאט כל-טוב, אויסגעשריען „קאלטון", איז דעם אומגליקלאכן באלד אויס-געוואקסן א גאנצער קאפ מיט קאלטענעס.)

*) 2) ווען איינער דערזעט אום ה"ר ביינאכט זיין שאטן אן א קאפ, וועט ער דאס יאר ניט אויסלעבן.

**הימל** *) אין אוונט, ווען דער הימל איז רויט אין מערב-זייט, זאגן יידישע קינדער, אז גאט-שטראפט דעמאלט די רשעים.

---

## ו.

**וואקסן** — *) 1) אז מע שטייט מיטן בלויזן קאפ, ווען א רעגן גייט, וועט מען וואקסן. (קינדער-סימן).

2) אז מע גייט דורך א פענס-טער, וועט מען ניט וואקסן.

3) מ'טאר איבער א קינד ניט אריבערגיין—ס'וועט ניט וואקסן.

**וויג** — 1) א פוסטע וויגעלע טאר מען ניט וויגן—דאס קינד וועט שטארבן.



*) 2) אז מע קויפט א נייע וויג פאר א קינד, דארף מען אין דער וויג פריער אויסוויגן א קאץ.

**וועג** — אז איינער גייט אין ווייסן וועג, זאל ער ביי זיך האבן זיין הושענא אדער ער זאל וויסן דאס ארט, וואו זי ליגט אינדערהיים און וויבאלד ער איז עפעס אין סכנה, זאל ער זיך דערמאנען און ער וועט ניצול ווערן.

וועטער *) 1) אַז די לבנה שטייט מיט די „הערנער" אַרויף, וועט מאָרגן זיין אַ גרויסער פראָסט. (זומער באַווייזט דאָס אויף אַ קינפטיקן הייסן טאָג).

*) 2) אַז דער טאַבאַק קלעפּט זיך צו צום דעקל פון דער פּושקע, זאָגן אַלטע יידן, עס וועט זיין רעגן.

*) 3) אַז העגער קרייען אין דער נישט געשטעלטער צייט, וועט פאַרקומען אַ פאַרענדערונג אין דעם וועטער.

*) 4) ווען אַ שטאַרקער ווינט לאָזט נישט גיין קיין רעגן, איז אַ סימן, אַז די מכשפים צעטרייבן די וואָלקנס מיט זייערע שטעקנס.

*) 5) ווען עס בלאָזט אַ גאַנצן טאָג אַ שטורעמווינט, איז אַ סימן, אַז אַ שלעכטער מענטש איז געשטאָרבן.

6) פאַר דער תּוכחה קען קיין אמתער זומער ניט זיין. (אַ יידישער סימן).

## ז.

זאָרג — מע זאָל זיך היטן ניט איבערצולייגן די פינגער פון איין האַנט אין דער אַנדערער — ווייל דאָס ברענגט זאָרג.

זויגן — אַז מע הייבט אָן זויגן אַ קינד, זאָל מען אָנהייבן מיט דער לינקער ברוסט.

זומערשפּרינקלאַך — אַז מע וואַשט זיך מיטן ערשטן און מיטן לעצטן שניי, האָט מען ניט קיין זומערשפּרינקלאַך.

זיווג *) ווען אַ בחור אָדער אַ בתולה וויל וויסן ווער זיין זיווג איז, זאָל ער אים האַלבע נאַכט זיך אַליין פאַרשפּאַרן אין אַ שטוב, זאָל אַנידערשטעלן צוויי ליכט אויף דעם טיש און איבער דעם טיש זאָל הענגען אַ גרויסער שפּיגל. און פונקט אַנטקעגן - אַ צווייטער גרויסער שפּיגל. דאַן זאָל ער אָנהייבן צו קוקן אין דעם ערשטן שפּיגל אַזוי לאַנג ביז ער וועט דערזען וועמען ער גלוסט. פריער וועט ער זען פאַרבייגיין אַ גאַנצן פאָלק מיט מתים און נאַכער יונגע לייט (און מיידלאַך) און דער לעצטער, וועלכער וועט זיך צו אים אַ נייג טאָן, איז דער דאָזיקער זיין זיווג. נאָר בעת מען קוקט טאָר מען אָבער זיך ניט שרעקן און מע טאָר אויך נישט אין מיטן אָוועקגיין זאָגנסט שטאַרבט מען.

זכרון — עס שאַדט צום זכרון:

(מ'האָט אַ גראָבן קאָפּ):

1) אַז מע טוט אָן אַ מלבוש אויף דער לינקער זייט.

2) אַז מע טוט אָן צוויי מלבושים פאַר איין מאָל.

3) אַז מע טרינקט פון דעם וואַסער, וואָס בלייבט איבער אין דער כּלי נאָכן וואַשן זיך.

4) אַז מע לייגט די קליידער צוקאָפּנס.

5) אַז מע נייט אויפן מלבוש בשעת מע גייט אין אים אָנגעטאָן.

(מע פאַרנייט דעם שכל).

4151

4160

6) אז מע עסט הארץ. (לעבער).
7) אז מע עסט פון א כלי, וואס א מויז האט פון איר געגעסן.
8) אז מע שלאפט אין די שיך.
9) אז מ׳שפילט זיך מיט א קאץ.

(נעמט זיך משמעות פון דער מעשה: ווען די קאץ שלאפט, חלומט זיך איר ווי זי איז מזיק די מענטשן, נאר ווען זי שטייט אויף, פארגעסט זי באלד אן דעם חלום, ווארום זי האט א קאצנ-מוח).

## ח.

חושר זיין — אז מ׳איז עמיצן חושד אומזיסט, וועט יענער האבן גוטע (פרומע) קינדער.

חליצה — אז א פרוי נעמט ניט קיין חליצה, קערט זיך דער מאן אום אין קבר מיטן פנים צו דר׳ערד.

חתונה — אז מע טרעט אן עמיצן אויפן פוס, איז א סימן, אז מע וועט טאנצן אויף זיין חתונה.

חתן — *) 1) אז א מיידל קערט ניט ריין די שטוב, וועט זי האבן א פליכעוואטן חתן.
2) אז א מיידל שמאקצעט א ביין, איז א סימן, אז זי וועט האבן א וויסן חתן.

חתן-כלה — *) ווער פון די חתן-כלה עס טרעט פריער אן איינער דעם אנדערן אויפן פוס בשעת זיי שטייען נאך אונטער דער חופה, וועט דער דאזיקער (וואס האט אנגעטראטן) גע-וועלטיקן איבער דעם אנדערן.

## ט.

טאג — *) 1) אום מאנטאג טאר מען נישט ארויספארן אין וועג און נישט עפענען קיין ניי געשעפט, ווארים עס איז א שווערער טאג.
(ביי דעם טאג שטייט ניט „כי טוב" און ביי דינסטאג שטייט 2 מאל „כי טוב")
*) 2) דינסטאג איז א מזלדיקער אדער א גרינגער טאג.

4169

טאטע — אז ס׳ווערט געבוירן א טאכטער, קלאפט מען דעם טאטן אין פלייצע.
(א מנהג ביי די חסידים. ווייל ער איז אין דעם שולדיק).

טאפ — *) אז מע צעברעכט איינעמס א טאפ, (פון לייס) דארף מען זיך נישט לאזן אפקויפן קיין אנדער טאפ פון דעם, וועלכער האט אים צעבראכן.

טישטאך — גלייך נאך הבדלה דארף מען אראפנעמען דעם טישטאך פון טיש. (צוליב בעלי-חובות)

4175

## כ.

כלה — אז א יינגל לאכט, ווען מ׳רעדט וועגן כלות, איז א סימן, אז ער וויל שוין א כלה.
(און אזוי פארקערט ביי מיידלאך).

## ל.

ליבע — קאלטע הענט,ווארימע ליבע.

לייכטער — מ׳טאר קיין לייכטער אויף דר׳ערד ניט שטעלן.

ליכט — *) אז עס שמעלצט זיך א ליכט אום פרייטאג־צונאכט, זאל מען אנידער־לייגן א קוילעטש אן דער זייט; וועט דאס ליכט דרך־ארץ האבן פאר דער שבת׳דיקער חלה און עס וועט זיך באלד אויסגלייכן.

לעבן — ער וועט לאנג לעבן!
(ווען מע טראכט אויס אויף עמיצן, אז ער איז געשטארבן).

## מ.

מאכן זיך — מ׳זאל זיך ניט מאכן ווי א שטומער אדער ווי אן אנדער קאליקע, ווארים דער פעלער קען פארבלייבן.
(ווצר. — מ׳קען דעם פעלער אויף דער עלטער קריגן).

מבקר־חולה — אז מע גייט מבקר־חולה זיין און מע וויל עס זאל ניט שאדטן, זאל מען פריער קייען לארבער־בלעטער.

מזוזה — א מזוזה פון א טיר זאל מען ניט אראפרייסן. (א סכנה פאר קינדער).

מזל — *) 1) אז מע גייט ארויס אין וועג און מע גליטשט זיך אויס אויף דעם שוועל, זאל מען דעם טאג זיצן צו הויז און דעם גאנג זאל מען אפ־לייגן אויף מארגן, ווייל עס איזן ניט מזלדיק.

2) אז מ׳שלאגט צו א פאדקעווע פו א פערד אויף דער שוועל פון א פרנסה־הויז, וועט זיין מזלדיק.
(ווצר. — וועט מען האבן א סך קונים. דער דאזיקער סימן, וועלכער הערשט אויך ביי דער רוסישער מאסע, שיינט צו זיין א גאנץ אלטער סימן נאך פון די געצנ־דינער און ער קאן זיך נעמען דערפון: אזוי ווי די פאדקעווע פון א פערד איז א סימוואל פון פעסטע טריט, שלאגט מען דאס אלזא אן צו דער שוועל פון א פרנסה־הויז כדי די שוועל זאל ווערן געטראטן פון פעסטע טריט ד. ה. פון א סך קונים אדער אורחים).

3) אז עס פאלט ארויס דער שטעקן פון האנט, זאל מען אין גאס ניט גיין.

4) אז עס פליט ארייַן אין שטוב א פלעדערמויז, דארף מען זי קוילן מיט א גאלדן רענדל און זי מקבר זיין אונטערן אויוון, וועט הערשן אין שטוב מזל און ברכה.

5) אז צוויי שוועסטערקינדער נעמען זיך, איז דער שידוך ניט קיין מזלדיקער.

*) 6) אַ צווילינג פון אַ ניסל איז מזלדיק אין געלט-בייטל.

(דער סימן וואַקסט געוויס אַרויס פון אַ לץ. ער האָט מסתמא אַמאָל אַזאַ געטאָן אויף הלצה, אַז מע לייגט אַריין אַ צווילינג פון אַ ניסל אין בייטל, וועט דער בייטל נישט זיין ליידיק. אַנדערע האָבן אים נישט פאַרשטאַנען און האָבן גערעכנט די ווערטער „נישט ליידיק" פאַר מזלדיק).

*) 7) ווען מ'גייט צו אַ גרויסן מאַן נאָך אַ בקשה זאָל מען צו אים נישט גיין הונגעריקערהייט, ווייל אַניט וועט מען גאָרנישט פועלן.

(ווען דער מענטש איז הונגעריק, פאַרלירט ער דעם מוט און קאָן נישט ריידן מיט אַ גרעסערן פון זיך ווי עס דאַרף צו זיין).

8) מ'זאָל ניט חתונה מאַכן צוויי קינדער פאַר איין מאָל.

**מעוברת** — *) 1) אַז אַ מעוברתע פרוי הערט איר קינד וויינען אין בויך, איז אַ סימן, אַז זי וועט האָבן אַ טויט קינד.

2) אַז אַ מעוברת פאַרגעלוסט זיך עפּעס אַ מאכל, דאַרף זי עס גלייך פאַרזוכן.

3) אַז אַ מעוברת פאַרקוקט זיך אויף אַ שרפה, ווערט דער-נאָך ביים קינד אַ רויטער פליאַם אויפן פנים.

4) אַז אַ מעוברת שטייט אויף אַ שוועל, טאָר מען דעם שוועל ניט איינהאַקן. וואָרים דאָס קינד וועט האָבן אַ צע-שפּאָלטענע ליפּ.

5) אין דער צייט פון טראָגן זאָל אַ מעוברת טראָגן אויף זיך אַ רובין-שטיין.



6) אַ מעוברת זאָל אָפּבייסן הושענא רבה דעם פּיטום פון אתרוג, וועט זי האָבן דאָס קינד אָן יסורים.

7) ווען אַ מעוברתע פרוי טרינקט פון דעם הבדלה-בראַנפן, וועט זי גיין שווער צו קינד.

(ווען פרויען טרינקען פון דעם הבדלה-בראַנפן, וועט ביי זיי אויס-וואַקסן אַ באָרד).

*) 8) ווען אַ מעוברתע פרוי טרעט אָן אויף אַ נאָגל, פון אַ פוס, וועט זי מפּיל זיין.

9) מע טאָר אויף אַ מעוברת קיין זאַך ניט וואַרפן, וואָרום דערנאָך וואַקסט דאָס אָן אויפן קינד.

*) 10) מע טאָר ניט אָפּזאָגן אַ מעוברתע פרוי איר עפּעס צו לייען, אַניט וועלן די מייז צעהאַקן אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין דער שטוב, וואו מע האָט איר ניט געוואָלט לייען.

**מעסטן זיך** — מע טאָר זיך ניט מעסטן.

**מעסער** — 1) ווען מע בענטשט נאָכן עסן, טאָר קיין מעסער ניט ליגן אויפן טיש.

2) מע טאָר יענעם ניט דערלאַנגען אַ מעסער מיטן שפּיץ. (מיטן שאַרף).

**משיח** — אַז ס'פאַלט אויס ביי עמיצן אין איין טאָג אַ ברית, אַ חתונה און אַ מת, קען משיח קומען.

**מת** — 1) אַז מע דערמאָנט אַ מת צום שלעכטן, דאַרף מען צולייגן די ווערטער „נישט אים מיין איך, די וואַנט מיין איך, ווי די ערד שווייגט, אַזוי זאָל אַף דאָס ביין שווייגן.

*) 2) בשעת די מאָלאָטשעס טראָגן אַרויס דעם מת פון דער שטוב, קומען באַלד אונטער מלאכים און כאַפּן אים אַרויס פון דער מיטה און לייגן אַהין אַריין אַ בינטל שטרוי; אויב דער מת איז געווען אַ צדיק, טראָגן זיי אים אַרויף גלייך אויפן הימל, און אויב ניט — צערייסן זיי אים באַלד אויפן אָרט.

*) 3) ווען דער מת ליגט נאָך אויף דער ערד, זאָל מען איבערקערן אויף דער שוועל אַ טאָפּ מיט דעם דעק אַרויף, אין דעם דעק זאָל זיין אויסגעבויערט אַ לאָך און ווען מע לייגט צו דעם אויער צום לאָך פון דעם דאָזיקן טאָפּ, וועט מען הערן ווי דער מת שרייט נאָך וואָס ער איז געשטאָרבן און זיין געשריי הערט זיך פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן.

*) 4) ווען מ'רעדט אין אַ געזעלשאַפט פון מתים און איינער פון געזעלשאַפט טוט דערביי אַ ניס מיט דער נאָז, דאַרף ער זיך באַלד אַ ציּ טאָן פאַר זיין רעכטן אויער.

(ווייל דאָס „לעפל" פון אויער דינט צו פאַרמאַכן זיך דערמיט דעם אויער, ווען מ'הערט שלעכטע רייד ריידן, טוט מען עס אַלזאָ אַ טאַפּ אום צו דערמאָנען זיך אָן דעם. דערמיט וועט מען זיך פאַרשטעלן דעם אויער כּדי ניט מער צו הערן די טרויעריקע דערציילונגען פון די מתים).

*) 5) ווען עס איז דאָ אַ מת אין הויף, דאַרפן די שכנים אויסגיסן דאָס וואַסער, וואָרום דער מלאך=המות האָט אין דעם וואַסער אָפּגעוואַשן זיין חלף.

6) מ'טאָר אַ מת אין פּנים ניט קוקן.

## נ.

נאָמען — 1) אין איין הויז זאָלן ניט וואוינען קיין צוויי מענטשן, וואָס הייסן גלייכע נעמען.

*) 2) דער שווער מיטן איידים אָדער די שוויגער מיט דער שנור טאָרן נישט הייסן גלייכע נעמען, אַניט מוז איינער פון זיי שטאַרבן פאַר דער צייט.

ניטל — אַז מ'זאָל אין דער נאַכט פון ניטל אַריינשטעקן אַ מעסער אין דער ערד, וועט זיך ווייזן בלוט.

## ס.

סגולה — 1) אַ סגולה איבערצוקערן דאָס האַרץ פון איינעם, וואָס איז אַרויס=געגאַנגען לתּרבות רעה, ער זאָל ווידער גוט ווערן: נעם אַ נייעם ציגל, לייג אים אַריין אין באַק=אויוון בשעת מע הייצט אים לכּבוד

4206

שבת חלה צו באַקן, לאָז אים דאָרטן ליגן ביז דעם אַנדער שבת נאָך דער חלה=באַקן. דאַן נעם אים אַרויס און שרייב אויף דעם נאָמען פון דעם מענטשן און דעם נאָמען פון זיין מוטער און זאָג

4210

דריי מאָל: אַזוי ווי דער ציגל האָט געברענט אין פייער, אַזוי זאָל ברענען דאָס האַרץ פון דעם מענטשן צו גוטן. דערנאָך נעם דעם ציגל און לייג אים אַריין אין אַ קבר פון אַ צדיק.

2) אַ סגולה קינדער צו האָבן: נעם אַ קליין פישעלע, וואָס דו האָסט געפונען אין אַ פיש, נעם אַ מאָגן פון אַ האָז, בראָט דאָס אויס גאַנץ טרוקן אויף אַ פאַן, צערייב מיט מעל, מיש אויס מיט וואַסער, טרינק פון דעם וואַסער און זע אויך דעם מאַן געבן.

## ע.

**עולם־הבא** — אַז מע מאַכט הבדלה איבער וויין, ווערט מען האָבן עולם־הבא.

**עין־הרע** — 1) אַז מע זעט אַ קינד, דאַרף מען זאָגן: „אָן עין־הרע".

2) אַז מע זעט אַ קינד, דאַרף מען זאָגן — „קיין עין־הרע וועל איך אים ניט געבן־דרשה־געשאַנק!"

*) 3) ווען אַ מוטער גייט אין גאַס מיט איר קינד און אַ באַקאַנטער מענטש שטעלט איר אָפּ און קוקט אָן דאָס קינד, הייסט זי דעם קינד ביים אַוועקגיין עס זאָל אונטן אַרום אַרויס־שטעלן פייגן דעם באַקאַנטן, כדי עס זאָל אויף דעם קינד ניט שולט זיין קיין עין־הרע.

(צו באַווייזן, אַז דאָס קינד לאַכט זיך אויס פון זיין בייז אויג).

*) 4) ווען קליינע קינדער שלאָפן, זאָל די מוטער אָדער די דינסט אָפּלעקן די שטערנס און אויס־שפייען דריי מאָל, ווערט פון זיי אַראָפּגענומען ווערן די עין־הרע.

**עסן** — 1) אַז מע עסט, טאָר מען ניט ריידן.

2) אַז מע עסט מיט אַ קאָכלעפל, ווערט די שוויגער געבן איבערן קאָפּ.

3) אַז מע קומט אַריין אין אַ שטוב עסנדיק, טראָגט מען אָן אַהין מייז.

4) מע טאָר אויף דער גאַס ניט עסן.

5) פון יעדן מאכל דאַרף מען עפּעס־וואָס איבערלאָזן.

## פ.

**פּאַטשאַטיק** (פּאַטשין) — 1) איידער מ'האָט גע־האַט אַ פּאַטשאַטיק זאָל מען קיין חובות ניט צאָלן.

2) אָן אַ פּאַטשאַטיק טאָר מען אויף באָרג ניט פאַרקויפן.

*) 3) אַ קרעמער טאָר אום מאָרגן אויף דעם פּאַטשין נישט פאַרקויפן קיין נאָד־לען אָדער שפּילקעס.

**פאַרך** — *) 1) אַז מע טוט אָן אַ זיפּל אויפן קאָפּ, וועט מען באַקומען אַ פאַרך. (מע מיינט דאָ אָפּצושרעקן די קינדער, כדי עס זאָל ביי זיי נישט פאַרקלעפּט ווערן די האָר פונם מעל, וואָס עס קאָן זיך צומאָל אָפּשטעלן אין דער זיפּ).

2) מע טאָר זיך מיט קיין פעטער האַנט אָן קאָפּ ניט אָנרירן, ווייל מע קען באַקומען אַ פאַרך.

**פראָם** — אַז מע פאָרט איבער אַ פּראָם אויף אַ פור, זאָל מען ניט זיצן אויפן וואָגן.

## פ.

**פאַרגינען** — אַז עס פאַלט איינעם אַרויס דער ביסן פון מויל בשעת דער צווייטער זיצט אַנטקעגן אים, איז אַ סימן, אַז דער לעצטער פאַרגינט אים נישט וואָס ער עסט.

**פאַרדינען** — ווער עס קען קיין ברויט ניט שניידן, קען נאָך קיין ברויט ניט פאַרדינען.

**פול** — *) 1) אַז מ׳גייט אום מאַרגנס איינעם איבער מיט „פולן“, וועט יענער האָבן אַ גוטן טאָג.

2) באַגעגענען מיט פולן איז אַ גוטער סימן.

**פולע וואָך** — *) 1) אויף דער פולער וואָך טאָר מען ביי קיינעם נישט קומען לייען אָדער באָרגן. (ווייל עס הייבט זיך אָן אַ נייע וואָך. גלייבט די מאַסע, אַז ווי עס הייבט זיך אָן, אַזוי גייט עס כסדר.

2) אויף דער פולער וואָך טאָר מען נישט באַלד אַראָפּנעמען דעם טישטאָך כדי עס זאָלן נישט אָנקומען די מאָנערס נאָך געלט.

**פייפן** — מ׳טאָר אין אַ שטוב ניט פייפן. (צוליב שדים).

## צ.

**ציען זיך** — בשעת מ׳גענעצט, טאָר מען זיך ביט ציען אויפן צווייטן.

**צלם** — אַז דו פאָרסט מיט אַ פויער און ער צלמט זיך ניט איבער, ווען מ׳פאָרט פאַרביי אַ צלם, זאָלסטו זיך אומקערן צוריק. (מיט אַזאַ גוי איז אַ סכנה ווייטער צופאָרן).

**צער** — אַז עס ווערט צעבראָכן אין אַ שטוב אַ כלי, טאָר מען זיך נישט מצער זיין דערויף.

**ציילן זיך** — 1) מ׳טאָר די ציינער ניט ציילן.

2) מ׳טאָר זיך ניט ציילן. (מ׳דאַרף זאָגן: „ניט איינס, ניט צוויי“ א. א. וו. אָדער: ניט געציילט זאָלן זיי ווערן!)

4232

4240

# ק.

קאַמען זיך — מיט אַ טרוקענער קאַם טאָר מען זיך ניט קאַמען.

קינפּעט — 1) ווען אַ פרוי ליגט אין קינפּעט, דאַרף מען ביי איר אַריינלייגן אין בעט אַ מעסער, אַ האַק און נאָך אַנדערע אייזנוואַרג, מחמת דאָס איז אַ שמירה פאַר די מזיקים.

2) ווען אַ פרוי ליגט אין קינפּעט, זאָל מען איבער די גאַנצע 8 טעג ביי איר אויסהענגען אין שטוב די געוויסע „שיר־המעלותן״.

קישן — מ׳טאָר ניט לייגן אַ קישן מיט די קנעפּעלאַך אַרויף.
(ווייל אַזוי לייגט מען פאַר אַ מת).

קינד — *) 1) אַז אַ קינד לאַכט פון שלאָף, איז אַ סימן, אַז דער מלאך שפּילט זיך דערמיט.

*) 2) אַז אַ קליין קינד וויינט פון שלאָף, שלאָג עס איבערן מויל מיטן פינגער.

*) 3) אַז קינדער צעווייגען זיך אינדער־פרי, איז אַ סימן, אַז זיי וועלן שוין אַ גאַנצן טאָג וויינען.

*) 4) אַ ציטעריק קינד טאָר מען ניט אָפּשערן פאַר 3 יאָר.

*) 5) ווען מע וויל פאַרגלייכן אין יאָרן אָדער אין כאַראַקטער אַ קינד פון עלטערן צו אַ יתום, לייגט מען נאָך צו דאָס וואָרט „ניפּריטשקיס״.

קעלט — 1) אַז די קאַץ זיצט אין אויוון — (לייגט זיך אויף דעם אויוון) וועט זיין קאַלט.

2) אַז אַן עוף שטייט אויף איין פוס — איז אַ סימן אויף קעלט.

קריאת־שמע — אַז מע פאַרמאַכט צו קריאת־שמע די אויגן, ווערט מען ניט בלינד.

קריג — *) 1) אַז מע קריגט זיך אין שטוב פרייטאָג צונאַכט, וועט מען זיך שוין אַ גאַנצע וואָך קריגן, וואָרום דער שלעכטער מלאך ווינטשט אַזוי צו בעת ער קומט מיט דעם גוטן מלאך דאָרט מאַכן אַ וויזיט די נשמה יתירה.

# ר.

ריידן — אַז מע האַלט אינמיטן ריידן, טאָר מען זיך ניט אָפּשטעלן, ווייל מ׳קען האָבן שטאַמלענדיקע קינדער.

רייך — ווער עס עסט סקאָרינקעס, וועט זיין רייך.
(איינער האָט אַמאָל געפרעגט אויף דעם אַ קשיה: „מיר זעען פאַרקערט — סקאָרינקעס עסן אָרימע לייט און ניט קיין גבירים !״ האָט אים אַ צווייטער געענטפערט: „אַז אַן אָרימאַן עסט סקאָרינקעס, איז ער אַן אָרימאַן, אָבער אַז אַ גביר עסט סקאָרינקעס, איז ער אַ חזיר״...)

רעגנבויגן — אַ רעגנבויגן מיט אַ רעגן איז אַ סימן פון רחמים, אַ רעגנבויגן אָן אַ רעגן איז אַ סימן פון דין.

# ש.

**שאָטן** — 1) אַז מע קוקט אויף אַ שאָטן, קומט ער בײנאַכט שטיקן.

*) 2) װען מ׳איז אַלײן אין שטוב, טאָר מען נישט לאַכן אין אַ שפּיגל אַרײן, װאָרום מע קאָן כאַפּן פון דעם שאָטן אַ פּאַטש הינטן אַרום.

3) מיט אַ שאָטן טאָר מען זיך ניט רײצן.

**שברי־כּלי** — אַ שברי־כלי טאָר מען אין שטוב ניט האַלטן.

**שד** — *) אַז עס הײבט זיך אויף אין גאַס אַ װי־כער און עס דרײט װי אַ ראָד, זאָל מען אין דער ראָד אַרײנשטעקן אַ מעסער און קוים װעט מען דערזען בלוט, איז אַ סימן, אַז מע האָט דערשטאָכן שדים. קוים אָבער זעט מען נישט קײן בלוט, דאַן איז דער מענטש אין אַ סכנה, װײל די שדים װעלן זיך אָן אים נוקם זײן דערפאַר.

**שונא** — 1) אַז עס קנאַקט שטאַרק דאָס פײַער בײם קאָכן, איז אַ סימן, אַז שונאים בילן. און װען מע שיט דערויף אָן זאַלץ, װעלן די שונאים צעזעצט װערן בילנדיק.

2) מ׳זאָל ניט באַגראָבן צװײ שונאים אײנעם לעבן דעם אַנדערן.

**שטאַרבן** — *) אַז עס װערט אום פרײטאָג צו־נאַכט אָדער צו כּל־נדרי פון זיך אַלײן פאַרלאָשן אַ ליכט, כאָטש

4264

עס איז נאָך דאָ גענוג חלב דערויף, איז דאָס אַ שלעכטער סימן; עס באַװײזט, אַז אײנער פון דער שטוב װעט שטאַרבן דאָס יאָר.

**שילטן** — 1) אַז מע זיצט אויף אַ טיש, שילט מען דעם טאַטן מיט דער מאַמען.

2) אַז מע שאָקלט מיט די פיס, שילט מען די עלטערן.

(מיט דער רעכטער — דעם טאַטן, מיט דער לינקער — די מאַמען).

**שפּײען זיך** — אַז מע שפּײט זיך, נעמט מען אַראָפּ די עבירות. (קינדער־סימן)

**שפּילן זיך** — מיט אַ מעסער טאָר מען זיך ניט שפּילן.

**שרעק** — 1) אַז מע דערשרעקט זיך, דאַרף מען אויסשפּײען דרײ מאָל.

2) אַז עמיצער דערשרעקט זיך, דאַרף מען בײ אים צערײסן דעם סטאָן פון בגד.

*) 3) װען אַ קינד שרעקט זיך איבער, צערײסט מען דעם זוים פון זײן העמדל.

(אַזוי אַי דאָס העמד איז דאָס נאָענט־סטע קלײד פון דעם מענטשנס גוף, מײנט מען דערמיט, אַז אײדער דאָס קינד זאָל לײדן פון דעם פּחד, זאָל עס בעסער טרעפן דעם העמד.)

4271



# ווערטלאך וועגן שטעט, שטעטלאך און לענדער.*)

**אײשישאָק** — (ווילנ. גוב.) אײשישקער באָנדעס.

**אילאָק** — (קאָוונ. גוב.) אילאָקער פּאַרפּלצימעס.

**אָשמענע** — (ווילנ. גוב.) אָשמענער שליאַכטיצן.
(איראָניש — ווייל קײן פּריצים זײַנען זײ ניט און פאר קײן פּויערים ווילן זײ זיך ניט האַלטן).

**אָמדור** — (גראָדנ. גוב) קײן אַמדור נאָך אַ שמעק טאַבאַק. (ד. ה. — פאלג מיך אַ גאנג; אין ווילנע זאָגט מען: „קײן שניפּישאָק נאָך אַ שמעק טאַבאַק").

**אַמעריקע** - אין אַמעריקע פעלן צוויי חדשים - דער חודש אב און דער חודש טבת.
(מ'מײנט צו זאָגן, אַז אין אַמעריקע האַלט מען ניט פון קײן אָבות (עלטערן) און פון קײן טובות. ווערטשפּילן).

**אָראַן** — (ווילנ. גוב.) אָראַנער מתים.

**ביאַליסטאָק** — ביאַליסטאָקער טײ (שוואכע טײ)

**דעווענישאָק** — (ווילנ. גוב.) דעווענישקער זוואָביאַקעס. (אָנמ. — די דעווענישקער אײנוואוינער האָט מען אמאָל גע-האַלטן פאַר נאַראָנים, פּראָסטאַקעס. מ'רופט זײ „זוואָביאַקעס" פאַר אַזאַ מין שפּיצל, וואָס זײ האָבן אָפּגע-



טאָן: אין ד. איז דאָ אַ גלאָק, אין וועלכן מ'קלינגט בשעת אַ שרפה. עטלאַכע ד. „חכמים" האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט דערשרעקן דעם עולם. זײ האָבן גענומען אַ לונג און לעבער און האָבן אויפגעהאָנגען אויפן גלאָק. דאָס האָבן .דערשמעקט די הינט. זײ האָבן אָנגעהויבן צו ציען פאַרן שטריקל. דער גלאָק האָט אָנגעהויבן צו קלינגען. דער עולם פון די אַרומיקע דערפער איז זיך אומזיסט צונויפגעלאָפן. די דעווענישקער „חכמים" האָבן געלאַכט...

**דווינ** — 1) דוינגער ציגן, 2) דוינגער שטינקעס.

**וואַרשע** — 1) דריי מייל הינטער וואַרשע.
(וואַר. פּריל. 281 באַנד I)
2) וואַרשעווער קונד.

**זשעלודאָק** — זשעלודקער קאָנאָוואָדעס.
(ווילנ. גוב. ליד. אויעזד).

**טראָק** — 1) כ'האָב אים אין טראָק!
2) ס'וועט גאָר בלײַבן טראָק אָן זויערמילך און איוויע אָן סמעטענע!... (איראָניש).



*) אַ גרויסער טייל פון דעם מאַטעריאַל וועגן שטעט און שטעטלאַך איז צום באַדויערן פאַר לאָרן געגאַנגען און מיר גיבן דאָ נאָר די פאַרבליבענע ווערטלאַך.

**טשערי** — (מאהילאָווער גוב) טשערייער לבנה.

**טשאמינאיטש** — (ווילנ. גוב. טראָקער אויעזד) נאָמי־נאיטשער פּאַניצעס.

(אויף מיין פראגע, פּאַרוואָס רופט מען זיי אזוי, האָט מיר א נאמינאיטשער תושב דערציילט, אז אמאָל פלעגט מען דאָרטן טרינקען זייער פיל בראָנפן. אויף א שמחה פלעגט מען אוועקשטעלן א שיסל משקה און מ'פלעגט זופן מיטן לעפל).

**פּאָלאָצק** — (וויטעבסק. גוב.) פּאָלאָצקער ליקעס.

(ליק — הינטערגעסל)

**פּאָסטירפּאָליע** — פון וואָגען ווייס דער קיסר, אז ס'איז פאַראַן א שטאָט פּאָסטירפּאָליע?

(Евр. Старина. 1910 זע)

**קאלוואריע** — א בריה פון קאלוואריע.

**קיידאַן** — קיידאַנער הויקערס.

(שטאמט פון דעם, וואָס די קיידאַנער זיינען גרויסע בעל־גאווהניקעס. זיי האָבן זיך אזוי לאנג געשלאָגן אין הארצן—„מיר קיידאַנער!“ אז ס'איז ביי זיי פון דער אַנדער זייט ארויס א הויקער).

4291

**ראַזשאַנקאָווע** — (ווילנער גוב. לידער אויעזד).

ראַזשאַנקאָווער מחילה־בעטער.

(אַגמ. — אויף מיין פראגע, פאַרוואָס רופט מען די ר. — „מחילה־בעטער“, האָט מיר איינער דערציילט אזא מעשה, אין ר. בית־המדרש איז אמאָל ביי־נאַכט אריינגעלאָפן א ציג. ווען דער שמש האָט איבערפרי געעפנט די שול, און האָט דערזען לעבן ארון־קודש א לעבעדיקע זאַך, איז ער א דערשראָקענער ארויסגעלאָפן אויף דער גאַס און האָט אָנגעהויבן צו שרייען, אז אין שול האָט זיך פאַרקליבן א גילגול. דער ר. עולם האָט זיך דאַן אנגעטאָן אין קיטלען און טליתים און איז אוועקגעגאַנגען צוזאַמען מיטן רב מחילה בעטן דעם גילגול מיט ברענעדיקע ליכט אין די הענט. די ציג האָט זיך דערשראָקן פאַר אזא מין „פּראָצעסיע“ און איז ארויס־געשפּרונגען דורכן פענסטער).

4292



# שפּריכווערטער.

(צוגעקומען אין משך פון דרוקן)

**אויסהאַלטן** — איין מאַמע קען אויסהאַלטן צען קינדער, און צען קינדער קענען ניט אויסהאַלטן איין מאַמען. (דאָסזעלבע וועגן טאַטן).

**אייבערשטער** — דער אייבערשטער דאַרף דאָך רחמנות האָבן!

**איינער** — איינער איז אַזוי גוט ווי גאָרנישט.

**אמת** — 1) דער אמת איז אין סידור.

2) פאַר דעם אמת איז מען ברוגז.

**אַפּיקורס** — אַז אַן אָרימבחור ווערט אַן אַפּיקורס עסט ער בייגל מיט חלב. (זע זייט 1 „אַפּיקורס״)

**אָריבערוועגן** — מיינע רימענדלאַך וועגן אַרי־בער דיינע דימענטלאַך.

**אָרימאַן** — אָרימאַן קאָך קאַשע, זופּ יוך!
(וואר. — פּיר; זע זייט 1 „אָרימאַן״).

**אָרימבחור** — אַן אָרימבחור טויג צו אַלץ.

**באַקלאָגן** — איך וועל הערן ווי מ׳וועט אים באַקלאָגן, אַז מ׳וועט אים אויפן בית־עולם טראָגן.
(ד. ה. — וואָס פאַר אַ נאָמען ער וועט נאָך זיך לאָזן).

**ביסן** — מע דאַרף די שטיק ברויט טייער האַלטן און דעם ביסן אויף צווייען שפּאַלטן.

**בלאָז** — ווער עס גיט אַ בלאָז, דעם קומט צום נאָז.



**ברויט** — 1) זע פון וואָס דו עסט ברויט!
(ד. ה. — היט דיין פּרנסה).

2) פון ברויט ווערן די באַקן רויט.
(וואר. — פון ברויט מיט קרויט ווערן די באַקן רויט).

**גאָט** — 1) אַז גאָט גיט לעבן, גיט ער צום לעבן.

2) אַז גאָט גיט ברויט, גיט ער צום ברויט.

3) ביז מאָרגן האָבן מיר אַ גוטן גאָט!

4) גאָט וואַרט לאַנג און באַצאָלט גיך.
(וואר. בער. „גאָט״ נום. 51).

5) גיסט מיר, גאָט, אַ גוט יאָר איז גוט, אַ ניט פאָר איך גאָר אַוועק צו מיין שוועסטער אין דאָרף!...

**גלויבן** — 1) גלויבסט ניט, פאָר אַריבער!

2) ס׳ווילט זיך ניט גלויבן, מע מוז אָבער די האָפענונג לייגן.

**געלט** — אָבער געלט, ווידער געלט ווייטער געלט.

**גרונט** — די תורה האָט קיין גרונט ניט און שניידעריי האָט אויך קיין גרונט ניט.
(אַזוי האָט זיך באַרימט אַמאָל אַ שניידער).

**דאגה** — 1) דאגות לאָזן ניט שלאָפן.

2) — וועלכער מענטש איז אָן דאגות?
— דער מלך פון קאָרט.

**דאגהן** — זאָל דער דאגהן, ווער עס האָט ניט קיין גאָט אויף מאָרגן!

**דלות** — אַז מע מאַכט דעם דלות אַ קאַפּטאַן, ווערט דער קאַפּטאַן קלענער.

**דערהערן** — וואָס ער דערזעט ניט, דערהערט ער

האלדז — אַ העכט איז ניט קיין שטינקע,
אַ האלדז איז ניט קיין קאַטערינקע.
(אַ חזניש שפריכוואָרט).

הנאה האָבן — איינער האָט הנאה פון הארטן
קעז, אַ צווייטער — פון לאַנג
„והוא רחום" און אַ דריטער —
פון אַ טיר צום גאַס.

העלפן — מער ווי מיט אַ זיפץ קען איך אים
ניט העלפן און דאָס באַדאַרף איך
אים אויך פאַר זיך.

וויינען — וועלכע כלה וויינט ניט פאַר (צו)
דער חופה?

ווינטשן — ווינטשן און שייסן איז אַלץ איין
פאַרבייסן.

וועלט — די וועלט איז נאָך ניט אונטער=
געגאַנגען.

ווערט — אַז ס'קאָסט געלט, איז ווערט געלט.

זינגען — ווען זינגט דער ציגיינער?
— אַז ער וויל עסן. (וואר. בער; וואר. דר.)

זשאַלעווען — דער שווארציאַר וואָלט זשאַלע=
ווען, אַז ס'וואָלט געווען!

חזיר — אַ חזיר עסט געקייטע זאַכן.

חרטה — 1) חרטה איז סוכאַטע.
2) פאַרקויף און האָב חרטה.

טאַנץ — דער טאַנץ ווי דער טאַנץ, נאָר דער
אָפּקילן זיך. (זע „מאכן")

טאָפּ — אַ טאָפּ אין וואָגן שאַדט ניט.

טרעפן — זאָל אַזוי ניט טרעפן ווי עס טרעפט.

יושר — אַז דו האָסט ניט קיין יושר, טאָ גיי
דאַווענען מנחה.

ייד — וויז אַ יידן אַ פינגער, בעט ער די
גאַנצע האַנט.

יענער — וואָס ביי יענעם, דאָס איז גוט.
(וואר.—געשמאַק. וואר. בער.)

כדאי — אַלץ כדאי, נאָר לעבן צו בלייבן.

4339

ליב — אַז דיר איז ליב, איז מיר גיחא.

לייט — ביי לייטן איז לייטיש.

לעבן — אַז מע לעבט, דערלעבט מען.

לעולם — תיקח-לשלם-נעם, תיחק-בעט ווייטער.
(וואר. בער. „נעמען" 5).

מאַכן — דער מאַכן ווי דער מאַכן, נאָר דער
אָפּמאַכן. (זע „טאַנץ")

מויל — מיטן מויל (וואר — מיטן צונג) מעגסטו
אפילו אַ רינשטאַק אויסראַמען, אָבער
די הענט לאָז צורו.

מיקיטע — אַ קלאָג צו די יאָרן, אַז מיקיטע איז
אַ סטאַראָסטע!

מען — מאָציע מעג, פאָציע טאָר ניט.

נאַר — 1) אַ נאַר איז ערגער פאַר אַ רשע.
2) זיי ניט קיין נאַר, ווען מען פון דיר
ניט לאַכן.
3) יעדער נאַר איז קלוג פאַר זיך.
(וואר. בער. „נאַר" 13).

נאַרן — 1) דעם קרעמער נאַרט מען ניט.
2) דער איז נאָך ניט געבאָרן געוואָרן,
ווער עס וועט אים נאַרן.

נויט — אין אַ נויט איז גוט אַ פריינד אויף אַ לויט.
(וואר. בער. „פריינד" 9)

נס — אָן אַ נס איז ניטאָ קיין הענגלייכטער.

עקשן — 1) אַן עקשן איז די גרעסטע קרענק.
2) אַן עקשן איז ערגער פאַר אַ משומד.
(וואר. בער. „עקשן").

פאַלן — ער וויל פאַלן און דעם נאָז ניט
צושלאָגן.

פאַרפאַלן ווערן — אַ לעבעדיקע זאַך (אַ הייב,
אַ וועקסל) ווערט ניט פאַר=
פאַלן.

פאַרשפּעטיקן — צוליב דעם הייסן צימעס האָט
מען פאַרשפּעטיקט די הייליּ=
קע קדושה.

4360

פעלן — וואָס ער האָט, פעלט אים ניט;
וואָס עס פעלט אים, האָט ער ניט.

פרום-פרום ווי אַ שטעקן, קרום ווי אַ קאָטשערע.

פריילאַך — דער איז פריילאַך, ווען ס'איז
אין קעשענע פריילאַך.

פעטער — אָן אַ פעטער האָט מען אַ היתר.

צעך — שענד ניט מיך, איך שענד ניט דיך—
מיר זיינען ביידע פון איין צעך.

קינד — איידער אַזוינע קינדער אויסהאָדעווען,
איז בעסער דערשטיקן זיי קליינינקע.

קענער — אַלע קענער גייען אָן שטיוול.

שברי־כלי — אַ שברי־כלי טאָר מען אין שטוב
ניט האַלטן.
(אין איבערגעטראָגענעם זין).

שווייגן — אַ וועלט שווייגט ניט.

שטאַרבן — שטאַרבן דאַרף מען אויך העלפן.

שטעקן — ווי דו זאָלסט ניט וואַרפן דעם שטעקן,
בלייבט ער אַלץ מיט 2 עקן.

שידוך — דער טויט און די נויט ברענגט דעם
שידוך צונויף.

שיטער — ווען די פערל איז שיטער, ווען
די באָרשטש איז ביטער. (וואר. בער.)

4370

שכל — ווער עס האָט שכל, איז אים גאָט
אויך מוחל.

שכר־לימוד — דעם רבין שכר־לימוד צאָלט
דער רבונו־של־עולם.

שלאָגן — די ביינטל שלאָגט די טויז. (ביינטל קאָזיר)

שמייסן — יאָסקע בעל־זאַקאָניק האָט געזאָגט,
אַז, אמת, מע האָט אים געשמיסן,
נאָר עס איז זיי די הענט געשוואָלן
געוואָרן.

שנייצן — שנייצן די נאָז און שמירן דעם פנים.

---

איבערפירן — פירט מען ניט איבער,
קען מען ניט מאַכן גוט.
(אַז אַ בעל־מלאכה פירט עפעס איבער
צום ערשטן מאָל, געפינט ער
אַ טרייסט אויף ווייטער).

גאָט — מיט גאָט קען מען זיך ניט שלאָגן.

געלט — געלט לאָזט ניט רוען.

מענטש — ביי זיך אינדערהיים איז יעדערער
אַ מענטש.

4379



# ווערטלאך און רעדנסארטן.

(צוגעקומען אין משך פון דרוקן)

---

**אדלקינד** — (איראניש).

**אדער** — 1) אָדער אַ גליק, אָדער אַ שטריק.
2) ענטוועדער אָדער.

**אהינקומען** — מע ווייס ניט וואו זיינע ביינער וועלן אהינקומען.

**אוועקפארן** — אוועקפאָרן אויף יענער וועלט (שטארבן) ווערט געברויכט פאר־קירצט — ער איז אוועקגעפארן — ס'הייסט געשטארבן.

**אויג** — 1) די אויגן זיינען ביי אים אויף אַ שני־רעלע. (זאגט מען אויף א גנב).
2) מיט אַן אויג ניט צו דערווארפן.

**אויסגאָם** — (אנשיקעניש).

**אויסגיסן זיך** — (שטארבן).

**אויסגלישן זיך** — (שטארבן).

**אויסצאפן** — אויסצאפן דאָס בלוט פון אונטער די נעגל.

**אויסקוק** — האָבן אַן אויסקוק.

**אויסקראצן** — 1) (ארויסנעמען אן חשק).
2) (ארויסנעמען דאס לעצטע).

**אויסריידן** — אויסריידן דאָס הארץ.



**אויסשטיין** — אויסשטיין שמונה־עשרי. (זיך א ריר טאן פון ארט).

**אויסשלאָפן** (זיך) — ער האָט זיך שוין גוט אויסגעשלאָפן! (אויף איינעם, וואס איז שוין לאנג טויט).

**אויער** — הינטישע אויערן. (גרויסע אויערן).

**אונטערליינן** — אונטערלייגן אַ שוועבעלע.

**אורח** — זיין אַן־אורח. (האלטן ביים שטארבן, ביים אוועקפארן אויף יענער וועלט).

**איינס־און־צוויי** — מאַכן איינס־און־צוויי. (גיך).

**אימפעט** — דער אימפעט טראָגט אים.

**אלט** — אַלטע לוחות.

**אָנזעץ** — מאַכן אַן אָנזעץ. (ניט בצאלן).

**אָנמעסטן** — (אפנארן).

**אָנמעסטן** — אָנמעסטן אַ היטעלע.

**אָפשטעלן** — אָפשטעלן דאָס ווייסע פערדל. (ד. ה. מאכן אן אנזעץ).

**אָפשפילן** — אָפשפילן אַ וויוואט. (ד. ה. — געבן א גאב).

**אָפן** — 1) אָפענע האַנט.
2) אָפענע טיר.
3) אָפענע קאָרט.

**אראפ** — אראפ פון פנים. (ער איז גאר אראפ!)

**אראפלאזן** — 1) אראפלאזן אין קעשענע. (צונעמען פאר זיך).

2) אראפלאזן פון די טרעפ. (ארא פווארפן).

**ארבעט** — אן א שטאך ארבעט.

**ארבעטן** — ארבעט, יאשקע!...

**ארויסטראגן** — מ'קען אים ארויסטראגן. (אויף איינעם וואס שלאפט שטארק).

**אריבער** — 1) איבער אים קען מען אריבער.

**אשת חיל** — אשת־חיל מי ימצא — איז דא אזא ווייב שפרינגצע?

**בוריקעס** — שטעלן אין בוריקעס. (אנמאכן שאנדע. פאראדיע פון „בייש").

**ביטער** — ביטער אין עק.

**ביין** — חזירשער ביין.

**בייסן** — ס'בייסט אים די האנט! (אויף א כאבארניק, וואס ווארט אויף לאפ'ווקע. שטאמט פון פאלקס־סימן — „אז ס'בייסט די האנט, וועט מען ציילן געלט").

**ברויט** — בעטל־ברויט.

**ברענען** — ניט וויסן וואו (וואס) עס ברענט. (וואו די צרה שטעקט).

**גנב** — גאטס גנב.

**געזאגט געווארן** — געזאגט געווארן אויף טראס־צען! (מינסק. ביים הערן איבער־טריבענע גליקן).

**געלט** — 1) דאס איז קיין געלט ניט,
און יענץ איז קיין סחורה ניט.
2) ניט קיין געלט, און ניט קיין סחורה.
3) פאר דיזעלבע געלט!
(חזר.—ס'וועט אייך טייערער ניט קאסטן).
(צו איינעם, וואס קומט נאך עפעס, און מ'הייסט אים זיצן).

**געשעפט** — 1) בלאָע געשעפטן.

2) גאלדענע געשעפטן.

**דאר** — דאר און קוואר.

**האלט** — האלט האב איך דיך נאר... גיי אויף דרויסן.

**האלטן זיך** — 1) האלטן זיך מיט דער דו'ע.

2) פון דער חופה צו דער סעודה האלט זיך מיט דער דודע.

**האנאר** — קראצן דעם האנאר.

**האנט** — 1) די הענט האבן אים אויף די פיס געשטעלט. (אויף א גנב).

2) די שטוב איז אים ניט צו דער האנט. (שפאס. אויף א מענטשן, וואס נעפינט זיך קיין ארט ניט).

**הארץ** — מיין הארץ פון יאטקע.

**הייבן** — ס'הייבט אים.

**וואונדער** — בייז־וואונדער.

**ווארפן** — 1) ווארפן אן אויג.

2) ווארפן דעם גט [illegible] די פיס.

**וידבר** — וידבר ויצאצקע.

**וישלח** — וישלח מיט די פיסלאך.

**זייגער** — ווי פרי איז דער זייגער? — האלב אויף שפעט. (ווי נעכטן אין דער צייט).

**זעמסער** — אז ירחמיאל דער זעמסער מאכט אן אויוון, קריגט ער שכר־לימוד.

**חלק** — באקומען א חלק. (ווא.ר. — שלאגן זיך אין א חלק).

**חשבון** — א טייטשישער חשבון.

**יקרות** — האלטן אויף יקרות.

**יידינע** — אלה תולדות יידינע! (אין דעם זין — א יידינע בלייבט א יידינע).

**כבוד** — איך בעט אייך איבער אייער כבוד.

**לאנג** — לאנגע נאז.

**לבבות** — האבן א לבבות. (ווא.ר פונקע לבבות).

לינן — א ליגן פון דרך־שלום וועגן.

ליגן — ליגן ניין איילן (צען קלאפטער) אין דר'ערד.

לעבעדיקער — ווייס דער לעבעדיקער!

מויער - יאַנקל דער מויער. (אויף א שווערן מענטשן).

מתנגיד — אויף דעם בין איך א מתנגיד!

מתן־תורה — ס'איז נאָך פאַר מתן תורה!
(ד. ה. — ס'איז נאך דא צייט, מ'קען
נאך חרטה האבן).

נויטיק — נויטיקע קליינגעלט.

ניט — ניט מיר, ניט דיר!

ניי — 1) נאָגל־ניי.
2) שפּאָגל־ניי.

נייע — אַ נייע סדרה.

ישקשה — נשקשה פון א...

סימן — אַ גוטער סימן.

סמעטענע — אַראָפּנעמען די גאַנצע סמעטענע
און לאָזן פאַר יענעם די זויער־
מילך. (וואר. די סיראָוועטקע).

עסן — א קייסער מעג דאָס עסן!

ערגער — ערגער ווי אין טאַטן אריין.

פורים — פורים—ניעקאַ גיע טורים.
(ניעקא גיע טורים — איך פארשטיי ניט.
ליטוויש. געהערט אין מערעטש ווילנער גוב.).

4471

פּאַסירצעטל — (וואר. פּאַסירשיין). געבן יענעם
א פּאַסירצעטל. (ד. ה. ארויס־
טרייבן יענעם).

פּאַרוואָס — פאַרוואָס?
— פאַר מיצוות.

פּאַרטוך — האַלטן די מאַמען פאַרן פאַרטוך.

צופרידן — ער איז צופרידן ווי הינט וואָלטן
אים רייסן.

צעטרייטלט — (צעשטרייט).

צענעמען — צענעמען אויף גאָפּעלאַך.

קאַטינקע - זיין מיט יענעם קאָטינקע־האַלינקע.

קאַטשערע — (א קרומע זאך).

קונקל־מונקל — מאַכן קונקל־מונקל.

קיצלען — קיצלען אַ טויטן.

קורץ — ס'איז קורץ! (ס'פעלט אויס).

קוש — גיב זיך א קוש אין שטערן!

קלמן — ס'איז קלמן! (ראשי תיבות. מאכט—קאַלטע
לאָקשן מיט נישט).

קניפל — האָבן אַ קניפעלע. (פארבארגענע געלט).

ריידן — 1) ער וויל גאָרניט ריידן!
(אויף איינעם וואס האלט זיך גרויס
וואס וויל ניט הערן).

שניצער — מאַכן א שניצער. (קארטנווערטל).

שיינען — שיינט און געגעצט.

4488

# אינהאלט:







אבאָנירט און פאַרשפּרייט אַלע דעם 2=וועכנטלאַכן קינדער=זשורנאַל

# „די גרינינקע ביימעלאך"

— און דעם —

פּעדאַגאָגישן זשורנאַל

# „די נייע שול"

אדרעס פון דער רעדאַקציע: ווילנע, פּאַליציי=גאַס. קולטורהויז.





דער פאַרלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול" האָט שוין אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע ביכער:

## א) לערנביכער:

1. אילוסטרירטער אַריטמעטישער רעכנבוך (פאַרן 1=טן לערניאָר) באַארבעט לויט שטעקלין און אַנדערע פון ש. באַסטאָמסקי.
2. אַריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער טויזנט) (3 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאַמסקי.
3. אַריטמעטישער רעכנבוך (פלערליי צאָלן). (3 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאַמסקי.
4. אַריטמעטישער רעכנבוך (ברוכצאָלן) (3 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאַמסקי. און ל. הורוויץ.

מיט א ביילאַגע פון דער טערמינאָלאָגיע פון אַריטמעטיק אויסגעאַרבעט פון א קאָמיסיע ביי דער ווילנער יידישער לערער-געזעלשאַפט.

## ב) ביכער פאַר קינדער:

צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאַמסקי.

פאַר יינגערע:

1) יעקעלע נאַר. 2) יודע דער וואַסערטרעגער און זיינע מעשיות. 3) מזל. 4) צוויי מתנות. 5–6 א) דער נס. ב) דער צדיק. 7) דער בוים און דער ווינט. 8) יינגל–צינגל. 9) די אמתע כלה.

פאַר עלטערע:

1) פּריטיאַף נאַנסען און זיין רייזע צום צפונדיקן פּאָלוס. (רייך אילוסטרירט). 2) אין דער נאַכט פון בדיקת חמץ. 3) י. ל. פּרץ (זאַמלבוך).

## ג) מאַטעריאַל צום יידישן פאָלקלאָר:

1. יידישע פאָלקסרעטענישן. (2 אויפלאַגעס) געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באַסטאַמסקי.
2. זאַמלונג פון יידישע שפּריכווערטער פאַר שול און פאַמיליע צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאַמסקי.
3. „ביים קוואַל" יידישע שפּריכווערטער. ווערטלאַך, רעדנס-אַרטן, פאַרגלייכענישן, ווינטשעניש, ברכות, שבועות, קללות, חרמות, סימנים, סגולות, און זאַבאַבאַנעס. געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באַסטאַמסקי.

---

איננינכן גייען אַרויס:

1. ש. באַסטאַמסקי און מ. חיימסאָן – לעבעדיקע קלאַנגען א רייך-אילוסטרירטער א"ב צונויפגעשטעלט לויט די נייסטע פאָדערונגען פון דער פּעדאַגאָגיק.

## ס'ווערן צוגעגרייט צום דרוק פאָלגנדיקע ביכער:

1. מרדכי אַנטאָקאָלסקי (ביאָגראַפיע מיט אילוסטראַציעס).
2. יאָהאַן גוטענבערג (דער אָנהייב פון בוך=דרוקערי).
3. ווי אַזוי קאָלומבוס האָט געפונען אַמעריקע?
4. אַברהם ליווינגסטאָן און העגרי סטענלי (וועגן רייזע איבער אַפריקע).
5. בר. גרים — זאַמלונג פון אויסדערוויילטע מעשהלאַך.
6. די קעמפער פאַר פרייהייט (א ריי ביאָגראַפיעס).

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס: ווילנע סטעפן גאַס 24 מוו. 28.

